נח. שפּיינבערג

# פאַרלאַנגט אַ מענטש

פֿאַרלאַג לעבן
ניו־יאָרק, 1952

# פאָרוואָרט

טײלן פון דעם בוך זענען געװוען געדרוקט אין „די פרײע אַרבעטער שטימע", „יידישע וועלט", „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט", און אין מיין בוך: „צו לויטערקייט."

די פאָרם לירישע פּראָזע האָב איך אויסגעקליבן, ווייל זי גיט אַ מעגלעכקייט קלערער אַרויסצוברענגען אַלערליי געפילן און פאַרטראַכטונגען.

אַמאָל איז די פּאָעזיע צו ראַפינירט, צו דין און פאַרנעפּלט, אַז ס'איז אוממעגלעך פאַרן דורכשניטלעכן לייענער זי צו באַנעמען. בלייבט די פּאָעזיע אין דעם ענגן קרייז פונעם דיכטער־צעך און ווערט געלייענט בלויז פון געציילטע פאַרערער. ביים פאָלק ווערט די פּאָעזיע ווי אַ ווייטע לעגענדע — — דעמאָלט איז נייטיק צוריק־צוגיין צו פּרימיטיווע פאָרמען פון שרייבן, כדי דער קרעאַטיווער אינהאַלט זאָל קאָנען קומען צום אויסדרוק. ווען נייטיק דאַרף אַ שרייבער קענען אַוועקגיין פון די איינגעזעסענע שרייבערישע טראַ־דיציעס — פון דעם קאָמפּליצירטן טונקעלן געוועב אין דער ליטעראַטור — און זוכן אַן אייגענעם מעדיום אויסצודריקן זיינע זוכענישן, ליידן, ראַנגלענישן, אַספּיראַציעס, זיין אָנשויאונג און טרייסט.

אויפן נייעם וועג ווערט נייטיק ער זאָל זיך באַנוצן מיט אייגענע **שפּראַך־מיטלען**: אַ וואָרט זאָל ווערן ווי אַ **פויסט** — צו געבן אַ קלאַפּ ווען נייטיק... אָדער אַ וואָרט זאָל דינען ווי אַ פינגער — אָנצואווייזן אויף דער גרויסער וואונד פון לעבן — — —

אין דער לירישער פּראָזע האָב איך זיך באַנוצט מיט אַלערליי פאָרם־עקספּערימענטן, כדי ווי געהעריק צו ווירקן אויפן לייענער. אָבער מער האָב איך זיך געווידמעט צום אינהאַלט — כאָטש אַוועק־געגעבן אַ סך כוחות די פאָרמען זאָלן אויך מער אָדער ווייניקער זיין אויסגעהאַלטן... מער פון אַלץ געשטרעבט צו **אויפריכטיקייט**... געזוכט צו זאָגן דעם אמת מיט אַ מינימום פון ווערטער — — מער ווי שיינקייט, **געוואָלט געבן די שיינקייט פון אמת** — — — ווייל די שיינקייט העלפט אָפטמאָל אַרום דעם ליגן...

די וואָס וועלן זוכן אין דעם בוך די באַרימטע שיין־זינגעריי — וועלן אַנטוישט ווערן. דאָס איז נישט קיין זאַמלונג פון געזאַנגען — נאָר אַ לעבן וואָס איז געוואָרן שריפט — — —

די וואָס וועלן צוגיין צו דעם בוך מיט אַ פּאַראורטייל און מיט אַ פּאַראויס־באַשטימטן פאַרלאַנג: וואָס לויט זייער מיינונג אין בוך האָט באַדאַרפט צו זיין — די וועלן ווייניק וואָס אין אים געפינען. אָבער די וואָס וועלן צוגיין מיט אַ גוטן ווילן און וועלן אויפריכטיק הערן וואָס אַ צווייטער האָט צו זאָגן, די וועלן האָבן מיט וואָס מיט־צופילן און אויך וואָס זיך צו פאַרטראַכטן — — דער גרעסטער שטער ביים לייענען איז דאָס גרינגשעצן...

לירישע פּראָזע איז די פאָרם וואָס געפינט זיך אויף דער גרעניץ צווישן פּאָעזיע און פּראָזע. אַמאָל באַנוצט זיך דער פּראָזע־ליריקער מיט אַ פּאָעטישן אימאַזש, אַמאָל מיט אַ גראַם, מיט אַ סוגעסטיע, אַמאָל מיטן פשוטן פּראָזע־אויסדרוק. די פאָרם גיט אַ מעגלעכקייט פאַר אַ פילזייטיקן ארויסזאָג — דערפאַר איז זי מיר געוואָרן אייגן. שרייבן מיינט: מיטן בעסטן אויתדרוק צו מאַכן אַן איינדרוק... מען דאַרף אָבער נישט אריינפאַלן אין אַ טעות און אָננעמען לירישע פּראָזע פאַר לידער.

אין דער מאָדערנער צייט האָבן זיך באַנוצט מיט דער פאָרם: באָדלער, טורגעניעוו, טאַגאָר, גיבראַן און אַנדערע.

טייל געדאַנקען אין דער לירישער פּראָזע וואָלטן אפשר געוועזן געקאַנט אריינגעוועבט ווערן אין מיינע קריטיקן — איז מען אָבער אין אונדזער ענג־גייסטיקער סביבה געוועזן קעגן עכט אויפ־ריכטיקער קריטיק... ווי אומגלויבלעך דאָס זאָל נישט קלינגען — —

**דער הויפּט־געדאַנק אין דעם בוך איז: דער מענטש זאָל נישט בלויז לערנען עטיק — נאָר ער דאַרף זיך אויס־לערנען צו לעבן עטיש — — אָן דער עטישער טאַט איז נישטאָ קיין מענטש...**

דער מענטש ליידט פון אַ געפערלעכן דואַליזם: ער לערנט וועגן שיינקייט און האַנדלט מיאוס — — ער פּריידיקט אַנדערע זאָלן זיין גוט און אַליין פירט ער זיך אויף שלעכט — — מיט דער מאָדערנער ציוויליזאַציע איז דעם מענטשנס עגאָאיזם נישט געוואָרן איידעלער, געצאַמטער, מער סאָציאַל גענייגט — נאָר געשוואָלענער, אַגרעסיווער, און מער קלוג ברוטאַל — — דער מענטש זעט בלויז די חסרונות ביי אַנדערע... אים פעלט אַ דריט אויג צו קענען זען

זיינע אייגענע טראַגישע פעלערן — — די הומאַנאַלאָגיע דאַרף אין אים אַנטוויקלען אַ דריט אינערלעך אויג צו קענען זען זיך — — —

איינשטיין האָט געוואָרנט: אַז מיטן דערפינדן די אַטאָמישע באָמבע האָט די מענטשהייט אַריינגעקראָגן אַ געווער, מיט וועלכן זי קאָן באַגיין זעלבסמאָרד.

דער מענטש האָט אָבער אַ צווייטן געפערלעכן וואָפן: **דעם ליגן!** מיט וועלכן ער פייניקט זיין מיטמענטש — — דער־אַ קלוגער געמיינער „נס", מיט וועלכן דער מענטש אָפּערירט אָפּצונאַרן אַנדערע — איז דער גיפטמיטל וואָס פירט צו קאַטאַסטראָפע און מענטשן פאַר־טיליגונג. אויב דער מענטש וועט זיך פון דעם ניט אויסהיילן — וועט דאָס לעבן פוילן צוזאַמען מיט אַלע דערפינדונגען — — —

פאַר איבערקוקן טיילן פון מאַנוסקריפּט און העלפן מיט אַ חברשער עצה, דריק איך אויס אַ דאַנק צו די קאָלעגן: דעם עסייאיסט דר. מ. סאַרגען (משה וויטיעס) און די דיכטער: מ. ז. טקאַטש, יעקב גלאַטשטיין און אליעזר גרינבערג.

דאָס בוך איז געווידמעט

מיין ליבן ברודער

## לייבל שטיינבערג

## צום מענטשן

נישט אין נאָמען פון גאָט
וויל איך צו אייך רעדן —
נאָר אין נאָמען פון מענטש.
מענטש אין געפאַנג פון אייביקן
פאַרלאַנג... תמיד גענאַרט
און פאַרצערט — — קלעטערט
אויף אַ לייטער פון ליכט
צו הימלישע הייכן —
און צו דער טיפעניש פון האַרץ
טוט ער נישט דערגרייכן...

רעדן צו אייך וויל אַ פשוטער מענטש:
פאַרחלומט, פאַרבענקט ווי איר אַלע,
וואָס גלויבט אין דעם אויפקום
פון נייעם מענטש — — —
אָן גייך, אָן ליגן, אָן געוואַלט.

# קלאָרע ווערטער

## לירישע פראָזע

### ערשטער טייל

## פאַלשער אָנהייב

אין אָנהייב איז נישט געווען דאָס וואָרט
און דאָס וואָרט איז נישט געווען גאָט.
דער אָנהייב איז נישט געווען דער אמתער
אָנהייב.

וואָס זיי האָבן געמיינט איז:
אין אָנהייב איז געווען דער ליגן
און דער מענטש האָט אָנגעהויבן צו ליגנערן.

דער ליגן איז אין האַרץ פֿון מענטש —
ווי אַ וואָרעם אין אַן עפּל פֿרעסט
און פֿאַרדאַרבט אים — אַזוי פֿאַרדאַרבט דער ליגן
דעם מענטשנס האַרץ מיט דער נשמה.

## פ אַ ר ב ל ע נ ד ט

די וואָס רעדן צו דער וועלט,
גלויבן זעלטן אין זייערע אייגענע רייד —
זיי טוען אַנדערש ווי זייערע מיילער דעקלאַמירן.
די וועלכע גלויבן אין דעם וואָס זיי זאָגן —
די לאָזט מען נישט רעדן...
ווייל זיי ווילן טאַקע טאָן אַזוי ווי זיי רעדן.
דער אמת ווערט אייביק געהאַלטן אין קייטן...
און נאַראָנים גלויבן,
אַז דער אמת איז פֿריי...

# געוויסן

ניט מיר אָרעמע מענטשן וואָס זענען
רייך אין גייסט. ניט מיר מענטשן
וואָס זענען האַרציק צאַרט און קענען
טיף ליב האָבן.
דער אומגליק פֿון דער וועלט זענען די שטאַרקע.
זיי פֿאַרסמען די לופֿט מיט זייער גאוה
און זייער תאווה איז איינצושלינגען די וועלט.
און אַז זיי זאַמלען אָן אוצרות —
ווער האָט הנאה פֿון דעם?
אויף וואָס בייטן זיי אוים זייער מאַכט און גאָלד?
זיי מאַכן דאָך מיסט פֿון אַלץ און פֿון
זיך אַליין... ס'געווין פֿון דער וועלט
רירט זיי נישט אָן — — —
מיט רויער מאַכט פֿירן די מעכטיקע די וועלט
און זעט וואָס פֿאַר אַ פּנים זי האָט — — —
פֿאַרפּייניקט איז די אויסגעבענקטע פֿרייד
און אומגליק ווערט יעדן טאָג פֿאַרמערט.
ניט מיר מענטשן וואָס זאָלן קענען טיף ליב האָבן
די שוואַכע... און האַסן שטאַרק די שטאַרקע — — —

# גיט מיר אַ מענטשן

ווייזט מיר אַ מענטשן וועמען מען קען נישט
אונטערקויפֿן:
מיט גאָלד,
מיט כבוד,
מיט מאַכט —
און איך וועל צוריק אָנהויבן צו גלויבן
אין גאָט.

ווייזט מיר אַ מענטשן, וואָס וועט צוליב איינענע
אינטערעסן נישט צעקנייטשן זיין געוויסן...
און איך וועל אָנהויבן צו גלויבן אין תּפֿילה

ווייזט מיר אַ מענטשן, וואָס זוכט דעם אמת
צוליב דעם אמת... און זאָל נישט אַרומשניצן
די נעשעמענישן אַזוי: אַז ס'זאָל זיך פּאַסן
פֿאַר זיין איך,
זיין פּאַרטיי —
זיין קרייז —
זיינע פֿריינד — — —
און איך וועל ווידער אָנהויבן צו גלויבן אין מענטשן...

גיט מיר אַ מענטשן, וואָס רעדט בלויז וועגן דעם
וואָס ער ווייס... און איך וועל פֿאַר אים
בייגן מיין האַרץ — — —

# מענטש בענקשאַפט

זענען דאָ אויף דער וועלט מיליאָנען מענטשן —
אָבער וואו איז דער ריכטיקער מענטש?
ס'איז דאָ דער פּאָליטיקער, דער חכם,
דער קינסטלער, אָבער וואו איז דער עכטער מענטש?
בלויז אַ חלום שעמירירט וועגן אים אין די מוחות
פֿון דיכטער און נביאים.

ביי אַ סך דרימלט ער אין דער בענקשאַפֿט.
ביי איינציקע לייכט ער אויף אין דמיון אַזוי ווי גאָט.
און די וואָס פריידיקן דעם עכטן מענטשן קענען
אַליין ניט זיין עכט — — —

איז עלנט דער פֿאַרבענקטער מענטש אין אַ וועלט
וואָס לאָזט ניט אויפֿקומען דעם עכטן מענטשן — — — —

# גיט מיר אַ ריינעם מענטשן

זיי רופֿן היינט צום מענטש —
אָבער צו וועלכן מענטש ?
צום געשטעמפּלטן פֿון ירושה און ראַסע ?
טאַטואירט מיט פֿלעקן פֿון צעקריגנטע שבטים ?
מיט שאַנד־לאָזונגען אויף לאַטעם פֿון לענדער ?
מיט שטעמפּלען און זיגלען פֿון מאַכט־דורשטיקע פֿירער ?
וואו איז דער לויטערער מענטש אָן צייכנס,
אָן שטעמפּלען ?
קאָן ער ניט זיין ? אָדער מען לאָזט ניט ער זאָל אויפֿקומען ?
ערגעץ איז שוין דאָ דער געלייטערטער מענטש...
דער מענטש וואָס האָט אָפּגעמעקט די אַנטיקוואַרישע שטעמפּלען, אַראָפּגעריסן די ציר־לאַטעס פֿון די צייטן,
צעריסן די קריגערישע פֿאָנען — — אויסגעשטרעקט
אַ ברודער־האַנט צו יעדן מענטשן
און צו זיי גערעדט וועגן ברודערטום.

נאָר די האַנט איז געבליבן הענגען אין דער לופֿטן...
קולות האָבן זיך אויפֿגעהויבן אין אַלע ווינקלען פֿון דער ערד :
מיר ווילן פֿאָנען ! שטעמפּלען ! ביקס און שווערד !
און די שטילע שטים פֿון ברודער־מענטש
איז ניט געוואָרן דערהערט — — —

וואָס מיינט נאַציע ?
געבעלם מערדער־געזיכט
קאָן ניט ווערן פֿאַרשטעלט מיט קיין פֿאָן אין דער וועלט.
אָבער היינעם לירישער זשעניע פֿרישט די לופֿט
פֿון נייסט און גיט אָטעם דער נשמה — —

גיט מיר דעם ריינעם באַפֿרייטן מענטשן —
וואָס זאָל מיט אַ ליכטיקער וויזיע דערזען
אַלע מענטשן ווי ברידער — — —

# ברודערטום

זאָגט דער געוויסן:
פֿאַר וואָס זאָלן מענטשן זיין צעריסן?
אַז די וועלט קאָן זיין גאַנץ און רייך
פֿאַר אַלעמען גלייך.

די סימפֿאָניע אין ניו יאָרק קאָן מען הערן
אין לאָנדאָן, פּאַריז: דאָס לויטערע געזאַנג
אין טשילי, קלינגט אין שיקאַגע אויך אַזוי זיס.
די מענטשן וואָס אַרבעטן זענען ערלעך און פֿרידלעך
אין אַלע לענדער און שטאַטן —
דער שלום ווערט פֿון די דערלייזער פֿאַרראַטן.
ס׳רייצן און העצן די מאַכט־האָבנדיקע רעגירער,
זיי זענען תמיד צום טויט די אונטערפֿירער...

וועמען דאַרפֿן דען מענטשן הרגענען?
אַז יעדער איינער איז סיי ווי פֿאַראורטיילט צום טויט.
אַלע זענען געפֿירט פֿון דעם אומבאַקאַנטן גורל...
אין דער טיף זענען אַלע מענטשן טיילן פֿון זיך — —
הרגעט מען אַנדערע —
מימיתט מען בלינד
דעם איינענעם איך — — —

# דערהייבונג

—דער וואָס טראָגט נישט זיין אָרעמקייט
ווי אַ קרוין — דער קען זיך צו גרויסקייט
נישט דערהייבן...

געפאַלענע טראָגן זייער אָרעמקייט ווי קייטן.
די וואָס זענען מקנא די רייכע זענען
פונקט אַזוי זינדיק ווי די וואָס רויבן
רייכטום...

דער פאַרלאַנג צו זיין רייך פאַרדאַרבט
דעם מענטש פונקט ווי דאָס רויבן אַליין...
אויך די וועלכע זענען אָרעם דורכן צופאַל,
קאָנען נישט זיין דערהויבן, ווייל זיי האָבן
זייער אָרעמקייט נישט אויסדערוויילט מיטן
איינענעם ווילן...

רייך דאַרף אַ מענטש זיין בלויז אין גייסט.
אָרעמקייט דאַרף מען אַליין אויסוויילן מיטן
ליכטיקן געדאַנק — — —

# טאַט - קינסטלער

ראַטעוועט די וועלט פון די ווערטער ימען,
זיי פאַרסמען דעם מוח צוזאַמען מיטן האַרץ.
שאַפט טאַטן וואָס היילן און דערהייבן...
דאָס בלענדיקע וואָרט פלאַצט מיט פאַרראַט
ביים אָנריר פון אַן ערלעכער טאַט — — —
הירש לעקערט האָט נישט געבלענדט מיט ווערטער,
נאָר דורכגעהאַמערט יושר מיט די איינענע הענט.
דעבם האָט נישט געשיקט אַנדערע — נאָר אַליין
געגאַנגען אין תפיסה פאַרן עלנטן אמת.

אין די ביכער בליצן די ווערטער פון פלאַטאָן
און טאָלסטאָי — דאָך קענען זיי קיינעם נישט
איבערשאַפן — — שעפעריש איז בלויז די טאַט...
וואָרט מיינט טיילמאָל פאַרפוצטער פאַרראַט —
אָבער **מענטש** מיינט תמיד... שיינער טאַט.

# די וואָג

דער עיקר איז דער יחיד —
דער יחיד איז די וואָג און ווערט
פֿון אַלץ — —
דער רבים איז בלויז אילוזיע...
ווען דער יחיד וועט זיין דער ציל
וועט געשאַפֿן ווערן דאָס וואָס דורות
האָבן אויסגעבענקט.
רעדט איינער אין נאָמען פֿון אַלע —
מיינט ער קיינעם אויסער זיך אַליין.
זיין וואָרט פֿאַרגייט מיטן ווינט
און זיינע מעשים ברענגען ניט קיין פֿרוכט.
ווערט דער יחיד געקריוודעט
זענען אַלע זינדיק — —
ווי מעג זיין אַ שמחה מיט רייך געדעקטע
טישן און ביי דער טיר זאָל זיך וואַלגערן
אַן עלנטער, וואָס צאַנקט פֿון הונגער?
אַפֿילו מיט די גרעסטע רייכטימער איז אַ לאַנד
אָרעם... ווען איין מענטש
איז אין נויט — — —

# דורכן צדיק זינדיקט דער רשע

דער צער פֿון מענטש וואָס אויך דער גוטער
מוז זיין שלעכט — ווייל אַרומגערינגלט מיט
ניט־גוטע.
דער גוטער איז ניט אַלע מאָל גוט —
אויך ער פֿאַרשוועכט מענטשלעך בלוט...
די רשעים נעמען זייער הכשר אויף שלעכטס
פֿון די וואָס זענען גוט און פֿרום.
זיי דערשפּירן דעם צדיקס זינדיק געוויסן,
וואָס איז אויך לאָס און שטום...
און באַרעכטיקן דערמיט זייערע בייזע מעשים — — —

# פּאַרכאַפּן

ווי פּיל חכמה מען פֿאַרשווענדט צו פֿאַרבאָרגן דעם אמת.
יעדער הערשער און מאַכטהאָבער ציטערט פֿאַר אַ
קערנדל אמת — —
הייבט ערגעץ אָן צו שפּראָצן אַ גרעזל אמת
קומט אַ גראָבער פּוס און צעטרעט.

סערווירט מען פּאַפּירענע בלומען —
איז דאָס כדי מיט זיי צו פֿאַרדעקן די שאַנד פֿון שקר — — —
אַלע ווילן מיטן כוח פֿונעם פֿאַרפּוצטן ליגן
פֿאַרכאַפּן וואָס מער פֿאַר זיך . . .
דאָס איז די פֿאַרבאָרגענע געשיכטע פֿונעם
מענטשנס ווילן.

און די מאַמע ערד זאָגט שווייגנדיק:
כאַפּט, כאַפּט, קינדערלעך, גרייט זיך אָן אַ סך!
באַלד וועל איך אייך צוריקרופֿן — איר וועט זיך
אויסציען גלייך — — דערגרייכן די איינציקע
גלייכהייט . . . און ווערן רייף פֿאַרן אמת — — — —

# באַדויער

איך באַדויער נישט וואָס אַ מענטש האָט ניט
קיין גאָט אין האַרצן — ווי קען אַ גרויסער גאָט
זיך באַהאַלטן אין אַ קליין מענטשלעך האַרץ?
נענוג אַ מענטש זאָל האָבן אַ מענטשן אין האַרצן . . .
און דורך ליבשאַפֿט און גלויבן זיך צו געטלעכקייט
דערהייבן.

איך באַדויער נישט וואָס דער מענטש קען ניט
וויסן דעם סוד פֿון זיין און ניט זיין — ער קען זיך
אָן דעם וואויל באַגיין. איך באַדויער נאָר, וואָס
אַזוי פֿיל מענטשן גלויבן אין שקר — — מיינענדיק,
אַז ער איז דער ריינער אמת.

# דער צעשפּאָלטענער מענטש

צעשפּאָלטענער חבר מיינער! ביסט מיר
אַ נאָענטער ברודער — דאָך פּיל איך ווי פון דיר
צו אַנטלויפן.

ביסט אַ גוטער וועקסל־געבער און אַ שלעכטער
צאָלער... דיינע ווערטער קריגן זיך מיט דיינע
מעשים, ווי דער שקר מיטן אמת.

אויף דער בינע שפּילסטו דעם נביא —
אין הויז ביסטו אַ געטרייער הפקר־מענטש.
אין די בלעטער שרייבסטו קעגן ליידן —
און אַליין מאַכסטו ליידן דיינע נאָענטסטע...

צעשפּאָלטענער ברודער מיינער!
צוליב דיר איז אויך מיין איך צעשפּאָלטן...
און דער גלויבן אין מענטש באַליידיקט — — —

# לאַמטערן פאַר די אויגן

מיר זענען פאַרשטעלטע מאַריאָנעטן,
טאַנצן לויטן ריטם ווי די פערד
ציען די שטריק — — איז איינעם באַשערט
צו קענען טאַנצן לויט דעם געשפּילטן טאַקט
וועט ער אויסלעבן זיינע נאַרישע יאָרן
אין נחת און אין גליק.
נאָר טאַנצט איינער לויט דער מוזיק
פון זיין אייגן האַרץ — פאַרשניידן די פערד
זיינע הענט און פיס — — אָדער זיי
שטעלן אים אַריין פאַלשע אויגן...
זיי פאַרענגען זיין האַרץ, פאַרקרימען
זיין שכל... מען מאַכט אים אַזוי שלוי
און פאַלקאָם, אַז פאַר אַ פערד אין סדום
וואָלט ער טויגן — — —

# אינטים

איך דאַרף דאָס ערלעכע גאָלד פֿון דער זון
און באַנוגן זיך מיט באַוואונדערן דאָס זילבער
פֿון דער לבנה.
כ'דאַרף די ריינע לופֿט פֿון פֿעלד און וואַלד
און פֿון בוים די רייפֿע פֿרוכט — —
כ'דאַרף דאָס פֿרישע וואַסער פֿון לויטערן קוואַל.
און אַ בוך פֿון אַ לויטערן גייסט...
כ'דאַרף פֿיינע מוזיק דאָס אויער צו אַנטציקן,
אַ מייסטערס בילד מיט חן דאָס אויג צו דערקוויקן.
איך דאַרף גוטע פֿריינד און צייט און רו
און גוטע מענטשן פֿון אַלע שעה — —
נאָר דאָס וואָס אַלע מענטשן זוכן
און ווערן ניט מיד...
דאָס דאַרף איך ניט — — — —

# הייליק איז די ערד

די אַלע וואָס זוכן גאָט האָבן נאָך
דעם מענטשן נישט געפֿונען. זיי שפּרייטן
אויס זייער ליבשאַפֿט צום אומבאַקאַנטן
און ווייסן נישט ווי אַזוי ליב צו האָבן זייערע נאָענטע.
זייער האַרץ ציט צום הימל און זייערע אויגן
זענען בלינד צו דער שיינקייט פֿון דער ערד.
וואָס העכער זיי דערהייבן גאָט — אַלץ מער
דערנידעריקן זיי דעם מענטשן — — — —
וואָס הייליקער זיי האַלטן זייער האַר —
אַלץ זינדיקער זענען זיי צום חבר...
וואָס שטאַרקער זייער מורא פֿאַרן אַלמעכטיקן,
אַלץ טעמפּער זייער האַרץ צו די ליידן פֿון
שוואַכן.
מיט זייער שטרעקן זיך צו די הימלען
באַליידיקן זיי דאָס לעבן אויף דער ערד — — —

# חושך בייטאָג

פרײַ — נאָך װעמען איר װילט...

די נאַכט פֿרעסט די זון
און די טעג װערן אַלץ פֿינצטערער.
אין דער פֿינצטער גלאָצן זײ מיט די אויגן
און זאָגן:
מיר פֿילן גאָט אומעטום —
אין יעדן בוים און באַרג,
אין יעדן שטראַל פֿון די שטערן.

אָבער װאָס טויג אַזאַ גאָט װאָס אַנטפּלעקט זיך
קיינמאָל ניט?
און קיין װאונדער װײַזט ער ניט.
צוגעלאָזט צו בויען ברען־אויװנס און גאַז־קאַמערן
אין טרעבלינקע, בוכנװאַלד, מאַידאַנעק,
װוּ מען האָט מיליאָנען פֿון זײַן ליבלינג־פֿאָלק
דערנידעריקט און פֿאַרפּײַניקט צום טויט — —
ער האָט דאָס אַלץ צוגעזען — און גאָרנישט.

דעם טויט שיקט ער אויף דיר װען ער װיל...
ער האַלט זיך אַזוי גרויס, אַז מיט דיר
איז ער זיך ניט מיישב אַפֿילו:
װען דו זאָלסט װערן אוים — —

און די מענטשן װעמען דו דאַרפֿסט דולדן,
זענען איינגערעדטע חכמים...
זײ רויבן בלויז צו דײַן טײַער ביסל רו.
און די טײַערסטע װעלכע דו האָסט ליב,
קענסטו ניט אָפּראַטעװען פֿון פֿאַרגיין.
און דער שאָטן פֿון מערדער פֿאַרפֿינצטערט די װעלט...
און די גרויסע שװאַרץ־קינצלער־באַפֿרײַער —
װאָס װילן אין זײערע פֿױסטן האַלטן די מאַכט — —
פֿאַרפֿירן אַלע מאָל אַ נײַע מלחמה
און פֿאַרדאַרבן אַלץ מער
דאָס האַרץ פֿון דער װעלט — — —

# דער צעטומלטער קאַראַוואַן

ציט זיך אַ קאַראַוואַן פֿון דורות —
קען ניט קומען צו קיין צוועק...
דורכן שווערן זאַמדיקן וועג,
אין אַ מדבר אָן אַ ברעג — —

צעטומלט איז דער קאַראַוואַן.
ווייסט ניט וואוהין זיך צו ווענדן.
הייסט איינער גיין מזרח —
שרייט אַ צווייטער: מערב!

פֿירט עמיץ אויף אַ שפּיץ באַרג —
וויל אַן אַנדערער אין די טיפֿסטע טאָלן.
די ווילן בויען פּיראַמידן צו דערגרייכן די הימלען,
ווילן אַנדערע גראָבן אין דער טיף צו געפֿינען קוואַלן.

מורמלט איינער: מען דאַרף זוכן גאָט.
עצהט אַ צווייטער: אַנטדעקט דעם מענטשן...
טייל טענהן: אונדזער האָפֿנונג איז דער הייליקער
משיח.
זאָגן אַנדערע: הייליק איז יעדנס איך...

איינער בעט זיך: בלויז מיט ליבע — —
ליאַרעמט אַ צווייטער: ליבע איז שוואַך —
שטאַרקט זיך מיט האַס פֿאַר אייער קלאַס!

טייל טענהן: בויט בריקן גיבער צו דערגיין צו אַ ציל.
וואָרענען אַנדערע: זוכט ניט קיין גליקן...
ס'איז בלויז אַ בלענדיקער שפּיל — —
קריכט פֿאַמעלעך דורכן זאַמד,
מיט די אויגן אויף שטילע וואונדער...
וועט יעדער געפֿונען וואָס ער וויל.

בלייבט דער קאַראַוואַן אַ צעטומלטער.
ווייסט ניט וועמען צו פֿאָלגן.
בויט מען פּאַלאַצן פֿון זאַמד —

קומט דער ווינט פֿון טויט און פֿאַרוויִיעט די בויער.
די צייט צעשטערט די פּאַלאַצן —
נאָר אייביק איז דער מדבר
און אייביק איז דער טרויער...

עס פֿאַלן אין זאַמד די בלאָנדזשענדיקע וואַנדערער
און זייער ווײ־געשריי ווערט ניט געהערט
פֿון דעם וואָס איז אויבן — —
דאָך אייביק לעבט דער קאַראַוואַן
און אייביק איז זיין האָפֿן און גלויבן...

ציט זיך פֿון דורות דורך דער מדבר :
שפּאַן נאָך שפּאַן —
אַ צעטומלטער קאַראַוואַן.

# פאַרלאַנגט אַ מענטש

פאַרלאַנגט אַ מענטש וואָס זאָל קאָנען
זיין אמתדיק צווישן ליגנער — —
ער זאָל זיך נישט צופּאַסן צו די מאַכטהאָבער
און פאַרשווייגן אומרעכט — —

פאַרלאַנגט אַ מענטש וואָס זאָל קאָנען
זיין קרעאַטיוו מיטן וואָרט און זאָל נישט
פאַרשלעפּערן זיין געוויסן...
ער זאָל זיך נישט מאַסקירן מיט הויכער מליצה
און בלענדן פאַרבלענדטע מיט געשמינקטע רייד.
דאָס בלוט פון אונדזער צייט זאָל רינען
אין זיינע ווערטער — —
און פאַר געוואַגטע אידייען צו זיין גרייט
צו גיין אין תפיסה — —
ווי עכטע מאַרטירער פאַרן אמת — — —

פאַרלאַנגט אַ מענטש וואָס זאָל זיך איינשטעלן
פאַרן געקריוודעטן און נישט ווען דערפאַר
קיין פולע קעשענעס מיט האָנאָראַר — —
ער זאָל זיך באַנוגענען מיט באַשיידענע צימערן
און נישט פאַראַדירן מיט רייכע קליידער.

פאַרלאַנגט אַ מענטש וואָס זאָל קאָנען
אויסשטרעקן אַ וואַרעמע האַנט צו אַ מענטשן...
און נישט דערוואַרטן דערפאַר
פולע טאָרבעס מיט כבוד — — —
ער זאָל קאָנען שענער האַנדלען ווי רעדן...
און זיך נישט באַרימען מיט זיינע שיינע מעשים.
ער זאָל זיין צופרידן, וואָס ער איז
ד ע ר  ק י נ ס ט ל ע ר  פ ו ן  ט אָ ט —
די שענסטע פון אַלע קונסטן — —

פֿאַרלאַנגט אַ מענטש וואָס זאָל נישט
תמיד טראַכטן פֿון אייגענע אינטערעסן...
נאָר זאָל אויך קאָנען זאָרגן פֿאַר אַ צווייטן.

פֿאַרלאַנגט אַ מענטש וואָס זאָל אָפּהיטן
דעם ווערט פֿון מענטש...
און אָנהייבן פֿון זיך אַליין — —
נישט מיט פּריידיקן —
נ אָ ר  ד ו ר ך  ז י י ן  אַ  מ ו ס ט ע ר — —
ער וועט קריגן ווייניק לוין...
אָבער ער וועט האָבן
שטענדיק אַרבעט — — —

## פ ש ו ט

ווער עס דאַרף די גראָבע ביכער
צו דערקלערן פאַר וואָס דאָס פאָלק
איז אין נויט — איך דאַרף זיי נישט.
איך קאָן אָנווייזן מיטן בלויזן פינגער:
די וועלכע זענען רייך און האָבן מאַכט,
זיי זענען שולדיק אין דיליידן
פון פאָלק.

## דער בוים פון זינד

פון צאָרן האָבן זיינע ציין געקריצט,
ווען ער האָט געזאָגט:
דער גרויסער קאַמף איז קעגן אַלע
וואָס האָבן צו פיל!
דאָס האָבן צו פיל איז דער וואָרצל פון אַלע
צערן און געפאַרן אויף דער ערד — —
דאָס צו פיל האָבן ווערט תמיד באַגלייט
מיט געוואַלד פון ביקס און שווערד — —
האָט איינער אַ סך הייזער, האָט אַ צווייטער
אפילו ניט קיין אָרעמען צימער אויסצורוען
זיינע מידע גלידער.
האָט איינער צו פיל כבוד, ווערט אַ צווייטער
דערפאַר פאַרזען און פאַרשעמט...
האָט איינער צו פיל ליבע — קען אַ צווייטער
ניט קריגן קיין ליבלעכן שמייכל, קיין וואַרעמען בליק.
דאָס צו פיל האָבן איז דער בוים פון אַלע
זינד...
און פאַרשאָטנט פאַרן פאָלק די זון פון גליק.

אַזוי האָט גערעדט איינער וועמעס ציין האָבן
געקריצט פון צאָרן און ער האָט זיינע ליפן
צעביסן ביז בלוט...

## חכמים — קיין עין הרע

מענטשן ווייסן שוין אַלץ —
איין חכם גרעסערער פֿאַרן צווייטן.
בלויז איך בין דער נאַר,
וואָס ווייס אַזוי ווייניק
און ראַנגל זיך מיטן אייביקן צער — —
וואָס טוען די חכמים וואָס ווייסן
שוין אַלץ אַליין ?
פֿאַרמינערן זיי אין דער וועלט
טרויער און געוויין ?
ניין.

## דאָס פֿאַרכישופֿטע וואָרט

וואָס איז אונדז פֿון אונדזער גרויסן חלום
פֿאַרבליבן ?
בלויז שיינע ווערטער אויף פּאַפּיר פֿאַרשריבן.
און די וואָס לייענען די שיינע ווערטער —
ווערן זיי צו שיינע מעשים געטריבן ?
ווי נאָר זיי פֿאַרמאַכן דאָס בוך
האַנדלען זיי פֿאַרקערט
ווי עס שטייט געשריבן.

## אויפֿן ראַנד

אין געדאַנק לעבן מיר גאָר אין אַן אַנדער לאַנד,
ווייט פֿון טאַטע מאַמען.
מיר צערטלען נישט אין האַרצן קיין חלום
פֿון אַן אויסגעפּוצטער צוקונפֿט :
ליב איז אונדז דאָס שטיקל לאַנד,
וואָס גיט פֿרייען אָטעם און ליבשאַפֿט
מיט ברויט.
מיר זענען געקומען צו יענעם ראַנד,
וואו עס וויגט זיך אויף אַ חלף —
דאָס קורצע לעבן מיטן לאַנגן טויט — — — —

# אָפּקלאַנג

איך האָב פֿאַרלאָזן די גרויסע שטאָט
מיט איר בלענדיק ליכט — — וואו פֿענצטער
שעמערירן ווי צעשטויסענע דימענטן.
וואו אויף ליפּן קרייזלען זיך טעאַטראַלישע שמייכלען.
און פֿון יעדן ווינקל לויערט דער טויט...
וואו מיליאָנען אײַלן זיך און יאָגן זיך
מיטן גלאַנץ — פֿון פֿאַרפּוצטער אַראָגאַנץ — — —
וואו דער געווייסן קניט
און דער שקר בליט — —
איך בין אַוועק אין די בערג,
וואו די לופֿט איז ריין און רואיק,
און האָב אויסגערופֿן:
איך בין איינער אַליין!
האָט אַ שטים געענטפֿערט:
בין איינער אַליין!
האָב איך אויסגעשריגן:
איך זוך אַ לויטערן מענטשן!
האָט אַ שטים געענטפֿערט:
זוך אַ לויטערן מענטשן — —
האָב איך ווידער געשריגן:
וואו איז איינער וואָס איז ערלעך,
אָן מורא אַז ס'פֿאַלט שווערלעך?
האָט אַ שטים געענטפֿערט:
איינער איז ערלעך — אָן מורא
אַז ס'פֿאַלט שווערלעך — — —
האָב איך אויסגעשריגן:
איינס איז קלאָר — אַז גוט זיין
איז די העכסטע וואָר!
האָט אַ שטים געענטפֿערט:
קלאָר — גוט זיין איז די העכסטע וואָר.
— — — — — — — — — — — — —
נאָר דאָס האָבן נישט געשריגן קיין צוויי —
דאָס האָט אָפּגעעכאָט
מיין איינענער געשריי — — —

## חשבון המענטש

דער מענטש אַזוי ווי איך — אַ מורא
ווענן אים צו טראַכטן — עס פֿאַלט אויף אים
אַ שאָטן פֿון טרויעריקע פֿאַרדאַכטן.
דער מענטש אַזוי ווי איך — לײַטערט זיך
דורך נויט... אַמאָל דערהייבט ער זיך צו אַ צדיק,
אַמאָל ווערט ער דער שד פֿון טויט — — — —
דער מענטש אַזוי ווי איך — וואָס קאָן פֿון אים
נאָך ווערן? אַ קינסטלער אויף צו שאַפֿן? אַ גאָט
אויף צו צעשטערן?
דער מענטש אַזוי ווי איך — יאָרן און יאָרן
האָט ער זיך פֿאַרפּוצט מיט שמינקע —
זײַן נאַקעטן איך האָט ער אַנטפּלעקט
אין מאַידאַנעק און טרעבלינקע — —
דער מענטש אַזוי ווי איך — דער סוד
פֿון וועלט און וועלטן, איך קען אים נישט בענטשן —
וואָס וועט העלפֿן שעלטן?
דער מענטש אַזוי ווי איך — ענגבערט
אין געדאַנק
און מאַכט דאָס געמיט מיר שווער —
ס'לאָזט ניט רוען דער צווייפֿל:
צי בין איך ניט אַזוי ווי ער...

## אין מענטש

די גאַנצע וועלט מיט אַלערליי וואונדער
געפֿינט זיך אין מענטשן.
גאָט און דער טײַוול געשטאַלטן זיך אין מענטשן.
דער טויט און די אייביקייט לעבן אין מענטשן.
דער אמת און דער שקר הויזן אין מענטשן...
דער צדיק און דער רשע לויערן אין מענטשן — —
די טויב און דער וואָלף וואוינען אין מענטשן.
וועל איך זיך היטן פֿאַר יענע
וואָס רייצן אין מיר דעם וואָלף...
און זײַן נאָענט צו די וואָס וועקן אין מיר
די טויב — — —

# דאָס אייביקע

ווי פֿאַרגעננלעך גאָרנישטדיק מענטשן זענען — —
וואָס בלייבט פֿון זיי?
פֿון זייער פֿרייד, זייער געשריי...?
וואָס בלייבט אפֿילו פֿון אַ געניאַלן שעקספּיער?
אַ האַפּיז, אַ היינריך היינע?
בלויז דאָ אין דאָרט אַ פּאַסיק וואָרט
פֿאַרשריבן אויף פּאַפּיר —
טרעפֿט עס עמיצן צו,
גיט עס אין האַרצן אַ ריר.
דאָס האַרץ וואָס האָט אויסגעליטן דאָס וואָרט
איז טויט — —
אומשטערבלעך טויט...
בלויז דאָס וואָרט איז אייביק — — —

# מ ע נ ט ש

מיט דיין אייביקן שלייפֿן ווילסטו באַגרייפֿן:
ווער ס'האָט איינגעשטעלט די וועלט?
ווילסט דערגיין דעם סוד? פֿאַר וואָס אַלץ האַלט זיך
אין איין בייטן אין לויף פֿון די צייטן —
פֿאַר וואָס אַלץ איז פֿאַרבונדן מיט ווייען און מיט וואונדן —
ווער איז דער וואָס האָט דעם ערשטן פּלאַס געצונדן?

דער אָנהייב פֿון חכמה איז אין פֿרעגן,
כּדי צו דערגיין די פֿאַרבאָרגענע וועגן — —
נאָר רייפֿקייט איז: צו זען וואונדער
אין פּשוטן וואָר... און צו זיין צופֿרידן —
וואָס נישט אַלץ איז פֿאַלקאָם און קלאָר.

## דיקטום

פֿאַרלאַנג נישט אַנדערע זאָלן דיך פֿאַרשטיין,
דעם פּיין פֿון האַרצן פֿאַרקריץ מיט די ציין:
פֿאַרן לעבן באַשאַף אַ נייעם חלום — —
מיטן איינענעם מזל זע צו מאַכן שלום.

דעם דאָרן בייט איבער אויף אַ רויז,
דעם האַס נעם אָן פֿאַר פֿאַרקערטער ליבשאַפֿט:
ניט יאָג זיך נאָך ווייטע, בלינדע וואונדער — —
דעם נאָענטן מענטשן ווידמע זיך בלויז.

## אַלכעמיע

דער וואָס קאָן מאַכן פֿון דעם דאָרן אַ רויז,
דער קאָן גיין אויף די וועגן פֿון נאָט.
דער וואָס קאָן פֿאַרוואַנדלען סם אין וויין,
דער קאָן אפֿילו פֿונעם קוואַל פֿון צער
שעפּן געלייטערטע פֿרייד.

דער וואָס קאָן פֿון בלוט מאַכן גייסט
און גייסט פֿאַרכישופֿן אין געזאַנג —
דער קאָן באַזיגן די צייט
פֿאַר דער אייביקייט — — —

## טיפֿער

עכטע חכמה איז ניט אויסגעשטעלט אין שויפֿענצטער
פֿאַר יעדן פֿאַרבייגייער צו קענען קויפֿן.
אמתע חכמה איז פֿאַרבאָרגן:
ערגעץ אין אַן אַלטן קעלער,
צי אויף אַ בוידעם־שטיבל,
צווישן אַלטע שיימעס...
אָדער אין דעם מוח פֿון אַ טיפֿן נאַר — — —

# טרייסט

אויב דו ביסט מיד פֿון אַלץ —
מענטש האָט אַנטוישט... נישטאָ
צוליב וואָס צו לעבן?
ניי אַרוים צו דער זון — זי וועט דיך דערוואַרעמען,
שפּיגל זיך אין איר ליכט
און דיר וועט ווערן ליכטיקער דערפֿון.

ציען זיך דיינע טעג לער און לאַנג —
ניי אַרוים צו די פֿייגל און הער זיך צו
צו זייער געזאַנג.

אויב גלויבן קאָנסטו ניט מער
און דיין אייגענער איך איז געוואָרן דיר שווער,
ניי אַרוים צום בוים,
קוק זיך צו צו זיינע צווייגן,
ווי זיי ציען זיך צו דער זון...
דרינג אַריין אין זיינע וואָרצלען,
פֿאַרנעם זיין אייביקן שווייגן
און דיר וועט ווערן גוט דערפֿון.

# פֿון חלום צו חלום

וואָלט דער טויט געווען אַ תהום,
וואָס אַלע לעבנס שלינגט ער איין,
וואָלט ער מיט דער צייט
פֿאַרשלונגען דאָס גאַנצע זיין — —

דער טויט, דער אייביקער פֿאָטער,
פֿאַרווינט דאָס לעבן — זיין קינד,
כאָטש דאָס קינד וויל זיך נאָך שפּילן
אינעם שפּיל, וואָס איז בלינד...

טויט קאָן לעבן נישט צעשטערן,
דאָס אויפֿהערן איז אויך נישט קיין שטראָף —
נאָר אַ נייער חלום...
אין אַ נייעם שלאָף — — —

# מענטש ־ געטלעכקייט

פֿון טיפֿן צער זאָגט אַ שטים:
אויף יעדן שריט און טראָט דאַרף
דער מענטש אַ גאָט.
ער דאַרף אַ גאָט צו פֿאַראַנקערן זיין גייסט —
צו באַהעפֿטן זיין האַרץ מיט דער קראַפֿט
וואָס שאַפֿט... צו געפֿינען רו און טרייסט.

אָן אַ גאָט — וואָס איז דעם מענטשנס פֿאַרמעג?

אָן אַ גאָט — וואָס פֿאַר אַ זין האָבן זיינע טעג?

נאָר גאָט קאָן קיינער נישט אַנטדעקן,
אויב ער אַליין וויל זיך נישט אַנטפּלעקן...
דאַרף דער מענטש אַליין ווערן אַ באַשאַפֿער —
צו שאַפֿן איינער פֿאַרן צווייטן...
און צוזאַמען אַרום יעדן איינעם
מענטש ־ געטלעכקייט פֿאַרשפּרייטן — — —

# צו זיך אַליין

פֿאַרקריך ניט צו קיין טונקעלע טעאָריעס —
זיי פֿירן אין ערגעץ ניט.
האַלט זיך ביים קלאָרן ביסל וויסן,
וואָס איז פּשוט און געזונט.

די גרונט־זאַכן זענען ווי וואַסער און לופֿט,
זיי האַלטן ריין און פֿריש דאָס מענטשלעכע לעבן.
פּלאָנטער זיך ניט צו פֿיל וועגן גאָט און גלויבן —
די אילוזיעס פֿירן צו נאָך גרעסערע פּלאָנטערס.

בעסער טו אַ טובה אַ נאָענטן מענטשן,
העלף דיין פֿריינד מיט וויפֿיל דו קענסט,
לערן זיך מענטשן פֿאַרגעבן זייער שלעכט־זיין
און נאַריש־זיין.

דאָס איז דאָס וויכטיקע —דאָס איבעריקע
איז בלויז פּלפּול — — —

## פייער־ווערטער

פֿאַראַנען ווערטער וואָס קייקלען זיך
ווי רויך, אָדער זיי צעגייען זיך באַלד
ווי טראָפּנס פֿון אַ רעגן.

נאָר פֿאַראַנען אַזעלכע ווערטער, וואָס
געציילטע וואָגן זיי אַרויסצוזאָגן — —
ווערטער וואָס בריען און ברענען ווי פֿייער...
דער, וואָס זאָגט זיי אַרויס, מאַכט זיך
שונאים אויף אייביק.

און כאָטש ער ווערט פֿאַר זיי פֿאַרפֿאָלגט,
גייט צוליב זיי פֿאַר דער צייט פֿון דער וועלט.
מוזן דאָך די ברענענדיקע ווערטער
פֿון עמיצן אַרויסגעזאָגט ווערן —
כדי דער אמת זאָל נישט ווערן דערשטיקט
אין דער שטיל — — —

## דער אייביקער זיגער

מיט זייער גאַנצער חכמה האָבן זיי
מער ניט פֿאַרטראַכט ווי קריג.
זיי דערלייזן די וועלט מיט פֿירן
רעגירן און מושטירן... און אַלץ
פֿאַרן מענטשלעכן גליק — — נאָר דער
וואָס גייט אין פֿייער קומט זעלטן ווען צוריק.

מיט זייער גאַנצער חכמה האָבן זיי
מער ניט באַשאַפֿן ווי געהאָרכזאַמע שקלאַפֿן.
זיי זאָלן בלייבן אויבן מאַכן זיי צו גלויבן,
אַז מאָרד קען ניט פֿאַרמידן ווערן...
יעדער דור מוז די וועלט אויפֿסניי צעשטערן — — —

מיט זייער גאַנצער חכמה האָבן זיי זיך ניט
דערטראַכט ווי אַזוי מען מאַכט אַ מענטש
זאָל ניט ליידן פֿון נויט — — מיט לינג
לייזן זיי אוים די וועלט — — גרייטן אַליין
צו דעם שונא מיט ביקס און שרויט...
און דער זינער איז אַלעמאָל דער טויט — — —

# צווייערליי

אַלץ וואָס איך זע:
אַ וואָלף מיט שאַרפֿע ציין
און אַ שעפּסעלע פֿרום —
אומשולדיק ריין.

דער וואָלף שלינגט לעבנס
און בענטשט גאָט פֿאַר יעדן ביסן,
דאָס שעפּסעלע שטום —
ווערט אייביק אויף טויט צעריסן.

מיט חכמה האַלט דער וואָלף
אין איין אָפּנאַרן —
און דאָס שעפּסעלע־נאַר
גייט אויף אַלע געפֿאַרן.

דער וואָלף פּוצט אוים דעם שקר
און הייסט זיך פֿאַר אים בוקן —
שעפּסעלע גלייבט ס'איז דער אמת
און לאָזט זיך פֿון אים פֿאַרצוקן.

# ראָבן

אויפֿן דאַך פֿון דער וועלט קראַקען ראָבן —
קראַקען פֿינצטערן שקר און פֿאַלשע פֿירער
רעדן איין מיליאָנען אויערן,
אַז די ראָבן זענען טויבן — —
עס וועט לאַנג ניט דויערן
און די ראָבן וועלן זיך אַראָפּלאָזן
אויף דער ערד
און וועלן אויספּיקן
דאָס האַרץ פֿון דער וועלט.
אַזוי ווי נעכטן, אַזוי ווי אייערנעכטן —
אַזוי ווי תמיד — — —

## פ אַ ק ו י פ ט

מלחמה — מיליאָנען טויטע — — און שלום.
און די מאַכט איז נאָך אַלץ ביי די
וואָס פירן צו אומרעכט
און די רייכע רעגירן נאָך אַלץ
מיט דער שווערד פון גאָלד — —
און די וואָס פאַרנעמען דעם אויבנאָן
זענען נאָך אַלץ אַ הויקער אויפן פאָלק.
דאָס געזעץ טאַנצט אַרום די,
וועלכע האָבן די קלינגער...
און מסחר מאַכן מיט זיי
אויך די זאָגער און די זינגער...

## די שלאַנג אַרום דעם האַרץ

איך האָב זיך אָנגעשטויסן אָן דעם „צדיק־מענטש.״
מיט זיין פייער און פראָסט — מיט זיין זון און נאַכט.
טויזנטער נעכטנס ווי ער לערנט תורה און חכמה
און איז אַלץ נאָך פאַרבליבן אַ פרומער רשע.

איך האָב זיך אָנגעשטויסן אין דעם חכם־מענטש.
מיט זיין מיסטיש אויסגעצויגענעם שאָטן —
וואָס ציט זיך אַזוי צו דערגרייכן גאָט — — —
נאָר דער שאָטן פאַרשטעלט די וואָרע וועלט...

איך האָב זיך אָנגעשטויסן אָן דעם דערלייזער־מענטש.
און אַ וואַנט פון זאַמד איז געפאַלן אויף מיר.
און מיך געשטיקט און שיער ניט דערדריקט —
דער בלאַזן־משיח מיט גאולה אויף פאַפיר...

איך האָב זיך אָנגעשטויסן אָן דעם שאַפער־מענטש —
וואָס קאָן אַזוי בישופן מיט שיינע ווערטער
און האָט אַליין ניט קיין וואָר וואָרט — — און תורה
און חכמה העלפן אים ניט — — —
אַפילו גאָט איז דורך אים באַנקראָט...

# ליב דיין חבר...

די באַרימטע זאָגער זאָגן:
— וואָס קומט אַרויס פֿון קלאָגן?
מען דאַרף זיין שיכור פֿון גלויבן
און זיך דערהייבן ליב צו האָבן מענטשן.

וועלכן? דעם קלוגן ליגנער? דעם
פֿאַרשטעלטן רשע? עכטע זענען געציילטע...
זאָגן די זעלבסט־געקרוינטע אַלץ־ווייסער:
— דער מענטש איז קיין מאָל קיין שלעכטס ניט אויסן —
ער ווערט בלויז פֿאַרפֿירט פֿון דעם קלעמיקן דרויסן.

יאָ, דער מענטש איז בטבע איידל און גוט —
ער וויל בלויז אַ צאַפּ־טאָן יענעמס בלוט...
ווער האַלט אויף דאָס געצוואַנג פֿון אַרום,
אויב נישט דאָס מענטשעלע וואָס רעדט אַזוי פֿרום?
דאָס מענטשעלע וויל:
וואָס געווען זאָל אויף תמיד פֿאַרבלייבן...
אַבי ס'זאָל קאָנען רענדעלעך קלייבן — — —

זאָגן די היפּנאָזירטע גלויבער:
— אין דעם באַנייטן לאַנד גייט מען שוין
משיחן אַנטקעגן — אויף שפּאָגל נייע וועגן.
יאָ, געהערט פֿון דעם וואונדער שוין לאַנג —
אויך געהערט: דאָרט באַנייט מען די צוואַנג...
דאָס וואָרט איז דאָרט פֿאַרקלעמט — —
און דער מענטש איז דאָרט פֿאַרשעמט — — —

שולדיק איז ניט בלויז דער אַרום —
וואָס איז פֿאַלש, פֿויל און קרום.
עפּעס איז דער מער מיטן מענטשן...
וואָס וויל ניט זיין קיין חבר צום צווייטן —
נאָר ער וויל אויף אים רייטן — — —

# די לייט וואָס האָבן דערפאָלג

די אַלע וואָס גייען אין רייכע קליידער,
וואוינען אין שיינע הייזער, היטן דאָס
הייליקע בוך... פֿון באַנק — ווי קענען זיי
זאָגן דעם גאַנצן אמת?
זיי מוזן דאָך האַנדלען מיט טאַקט,
וויסן וואו איין און וואו אויס —
וואו מען בייגט זיך, וואו מען פֿאַרניינט זיך,
און וואו מען דרייט זיך אַרויס — —
זיי מוזן אַראָפּשלינגען שקר, דעם אמת
פֿאַרשפּייען, פֿאַרשטעלן אומרעכט, פֿאַרביינן
עולות — צוליב יושר נישט שרייען...

נאָר דער עכטער קעמפֿער שטעלט זיך איין פֿאַרן אמת.
ער קעמפֿט און מאַטערט זיך ביז דער גסיסה...
און נישט אַלע מאָל מיידט ער אויס די תּפֿיסה — — — —

# מאַמאָן־דינער

מען האָט אונדז אין דער פֿאַלשער וועלט
אַריינגענאַרט, אָפּגענאַרט מיט שווינדל און פֿאַראַט.
ניפּטיקע נעצן אומעטום אויסגעשפּרייט...
און די גלייכע ווענן פֿאַרדרייט — —

אַפֿילו אַן ערלעכן בימן איז שווער צו קריגן —
די שפּייזן זענען געמישט מיט ליגן...
דער האָניק קומט נישט פֿון דער בין.
די געטראַנקען זענען פֿאַרזיסט מיט סאַכאַרין.
די געלט־יעגער דערלאָזן נישט די פֿרוכטן
זאָלן ווערן געריפֿט פֿון דער זון — —
רייסן זיי די פּירות ווען זיי זענען נאָך גרין...

אַלע געטער האָבן זיי אויסגעביטן
אויפֿן א י י נ צ י ק ן ג אָ ט: ג ע ל ט — —
און שוין באַלד פֿאַרשאַכערט גאָטס געבענטשטע וועלט.

# דער שפּיל פון האָבן צו פיל

מיינע פריינד בערל און קיילע גאָלדענבערג

דער געפּערלעכער שפּיל פון האָבן צו פיל —
צו וואָס דאָס האָט אונדז געבראַכט —
ס׳לעבן איז געוואָרן פאַרן שקר אַ שלאַכט.
יעדער יאָגט זיך נאָך מער און מער —
צו באַשאַפן אַ מאָס קומט אָן אַזוי שווער.
דער אומזין וואָס קיינער ווייסט ניט
וויפיל ער וויל... און ווערט ניט געפירט
פון קיין העכערן ציל — —
צי ווייסט דען ווער וויפיל ס׳איז אַ סך ?

די מאַניע : מ ע ר... שרייט אָן אַ שפּראַך :
נאָך און נאָך : דאָס מענטשעלע שפּילט זיך
מיט סובמאַרינען און באַנען און ווייזט בייזע וואונדער
מיט אַטאָמען און עראָפּלאַנען.
דער געראַנגל פאַר רויב איז אַזוי גרויס —
אַז די וועלט איז אַפילו נישט קיין משוגעים־הויז.
דער מענטש איז געוואָרן פון שקר אַ גאָט
און זיין לעבן אַ געניאַלער באַנקראָט — —

דאָס אַלץ איז געשען דורכן געפּערלעכן שפּיל —
וואָס אַ מענטשעלע ווילט זיך האָבן צו פיל — — —

# די גאָלדענע שווערד

פון אַלע זייערע געטער
דינען זיי פרום צו דעם איינציקן
גאָט - געלט.
אים זענען זיי געטריי
און ער פירט זייער וועלט.

אָבער דער איביקער גאָט פון צייט
שמידט פון זייער גאָלד אַ שווערד —
וואָס וועט זיי פאַרשניידן
פון דער באַפרייטער ערד.

# זיי ציילן און ציילן

די רייכע ציילן די מינוטן פון זייערע שקלאַפן
און מאַכן פון יעדער מינוט גאָלד.
אין דער פרי טאָר דער שקלאַף
ניט אויסציען זיינע מידע גלידער —
זיין יעדער צי ווערט געציילט...
געציילט ווערט דער ראָבאָט צו דער מאַשין,
אויב נישט ווערט דאָס ציילן ווייזן:
אין הייליקן זאַק פעלן עטלעכע שטיקער גאָלד...
די רייכע ציילן כסדר און מאַכן די גאַנצע
וועלט ציילן פאַר זיי... דאָס געשריי פון
געקוועלטן ווילן זיי נישט הערן — —עס זאָל
זייער זאַטע רו נישט שטערן — —

ווי קענען די רייכע טוען גוטס,
אַז זייערע הענט זענען תמיד
פאַרנומען מיט ציילן?

# דער זייגער

געבענטשט זאָל זיין דער געניאַלער
גייסט וואָס האָט דערפונדן דעם זייגער:
זיין ווערק איז גרויס און וואונדערלעך
פאַר אַלע צייטן.

נאָר פאַרשאָלטן זאָלן זיין די וועלכע נוצן
דעם זייגער מיט אים צו פאַרשקלאַפן די
וועלכע אַרבעטן ליידן און שאַפן.
די פאַרפוצטע רשעים געוועלטיקן איבער
אַלץ אויף זייער קלוגן שטייגער —
דעם מענטשן אַליין פאַרוואַנדלען זיי
אין אַ זייגער — — —

# צו די וואָס זוכן גאָט

איר זוכט גאָט אין די גראָבע ביכער —
ווייסט איר ניט, אַז ווערטער האָבן באַנקראָטירט ?
פֿאַרמאַכט די ביכער, ווייל אָפֿן זענען וואונדן
פֿון מיליאָנען און הפקר איז זייער בלוט.

איר בענקט כסדר נאָכן באַשאַפֿער —
אָבער גאָט איז נישט קיין זינג־פֿויגל,
וואָס מען קאָן אַריינזעצן אין אַ גאָלדענער שטייג.
אויך נישט קיין טיגער וואָס מען קאָן פֿאַנגען
אין וואַלד און פֿאַרשפּאַרן אין אַן אייגענעם גאָרטן.

זוכער — צו וואָס זוכט איר גאָט ?
אַז איר וועט אים שוין געפֿינען —
וואָס וועט איר מיט אים טאָן?
איר וועט אים אויסבייטן אויף גאָלד ?
אויף כבוד ? אויף פֿאַרגעניגן ?
ווייל איר האָט זיך אַנטוישט אין מענטש,
ווילט איר אויספֿילן די פּוסטקייט מיט גאָט־זוכעניש ?
גאָט איז נישט דאָרט וואו איר זוכט אים — —
אויב איר וועט אים ביי זיך אין האַרצן נישט פֿילן,
וועט איר אים אין ערגעץ נישט געפֿינען — — — —

ווען איר גיט אַ מענטשן אַ וואַרעמען שלום עליכם —
דאָרט איז גאָט — — —

# אַ וואונדער

אַ וואונדער ווי דאָס פֿאָלק טראָגט אַריבער
אַלע ליידן און פֿאַרוואַנדלט זיי אין פֿריידן.
אַ וואונדער ווי אַזוי פֿיל קראַנקע טראָגן אַריבער
די זאַלבן פֿון די מעדי־מאַניקער און ווערן געזונט און לעבן.
אַ וואונדער ווי דער לינן האָט נאָך נישט דערפֿירט,
אַז די בעסטע מענטשן זאָלן זיך נעמען ס'לעבן.

# צו די וואָס פאַרנעמען
# דעם אויבן־אָן

ווייל איר פאַרנעמט דעם אויבנאָן,
מיינט איר אַז ס'קומט אייך —
איר האָט דעם טראָן פאַרדינט
מיט טאַלאַנט, וויסן און חכמה.

אָבער אין דער אמתן:
ווי אַזוי האָט איר זיך אַרויפגעגרויסט?
מיט יושר?
מיט יושר איז נאָך קיינער צו מאַכט נישט געקומען.
בלויז איינציקע זענען געוואָרן דערהויבן:
פאַר איינשטעלן זיך פאַר דעם אמת
און קעגנשטעלן זיך די וואָס רויבן...
איר זענט געקראָכן אויף קרומע וועגן,
באַטריגט אייערע פריינד...
ניט אָפּגעווייכט פון ציל —
געטראָטן אויף די וואָס זענען ערלעך צו זיך אַליין.
געלויערט אויף אייערע קרבנות
און זיי דערוואָרגן אין דער שטיל — — —
זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שווינדל,
נאָר געקלעטערט און דערגרייכט.
און יענע, וועלכע איר האָט שטילערהייט
אַראָפּגעשטויסן פון וועג —
פאַרשרייט איר פאַר טויגנישטן!
איר פון שקר געקרוינטע חכמים — — —

אייערע העלפער וואַרפט איר צו אַ טאָרבעלע מיט טובות,
אַביינדל כבוד... און אַ שטענדער נישט ווייט פון מזרח...
אָבער אייער קאָפּ איז באַשוועגט פון דער פאַלשער קרוין,
וויסנדיק עם זענען דאָ אַזעלכע וואָס וויסן:
אַז אייך קומט נישט דער פּלאַץ וואָס איר פאַרנעמט.
איר זענט ניט דאָס וואָס ווערטער האָבן געזאָגט וועגן אייך.
אייער גרויסקייט איז די פאַלשע אילוזיע
אין די מוחות פון נאַאיווע און איינגערעדטע.

אין אונדזער צייט און סביבה הייליקן זיך נישט
קיין גרויסע מענטשן... מענטש גרויסקייט
איז גרויס איינרעדעניש אין קליינע קעפ — —

גרויסע פירמעס קומען אויף מיטן כוח
פון רייכער רעקלאַמע — —
פאַראַן מענטשן וואָס שאַפן און די וואָס שטערן
און צעשטערן. איר, אויבנאָנער, זענט די שטערער.

באַדאַרפט האָט איר זיין די באַדינער פון אַנדערע,
מיטפילן זייערע נויטן און דורכפירן זייער ווילן...
נאָר האָט איר זיך פאַראַנקערט אויבנאָן,
דינט איר שוין אייערע אייגענע צילן — —

פרייד קענט איר קיינעם נישט פאַרשאַפן.
די פרייד־שאַפער זיצן נישט אויבנאָן.
זייער אָרט איז ביי די שוועלן —
און זיי חברן זיך מיט דער נויט...
ווען איר אויבנאָניקע זענט איבערפילט
מיט גאָלד און גאוה.

אָבער ניט אייביק וועלן מענטשן זיין בלינד —
מיט דער צייט וועלן אַלע ווימן:
אַז איר האָט אַרויפגעקלעטערט צו מאַכט
מיט דער מאַכט פון שקר — —
און איר האַלט זיך דאָרט מיט כוח
פון רשעות...
יושר איז אייער אייביקער שונא — — —

# דער מענטש דע־לוקס

איר זאָגט געאיידלט ווערט דער מענטש
און די חיה בלייבט ווילד.
האָט איר געהערט אַ טיגער זאָל זיין מיט־טיגער
אויפהענגען אויף אַ בוים?
און וועלף זאָלן קרייציקן אַ וואָלף?
אַ לייב זאָל צערייסן זיין ברודער־לייב
פאַר אַנדערש גלויבן?
דער קלוגער פוקס שרייבט נישט קיין ליגן
קעגן אַ קאָלעגע...
אַ הונט בילט הונדערט פראָצענט אמת
און וויל קיינעם נישט אָפּנאַרן...
אַ קראָקאָדיל קען נישט פאַרשפאַרן זיין ברודער
אויף 20 יאָר אין תפיסה ——
אַ שלאַנג פאַרגיפט נישט אַ צווייטע שלאַנג
מיט רכילות.
מייז קענען נישט זאָגן קיין בייז
אונטער יענעמס פלייצע...
בלויז דער געאיידלטער מענטש קאָן די קונצן.
ער שיקט דעם ליגן פאָראויס דורך צייטונגען,
ראַדיאָס און עראָפּלאַנען.
דער חכם־מענטש זיצט מיט אַ פעדער אין האַנט
און טראַכט ווי אַזוי אָפּצונאַרן אַ צווייטן חכם.
און מיט אַ קונציקן ליגן צו קריגן
לוין מיט פאַרגעניגן ———

# חשד

איך ליג ביינאַכט און טראַכט:
שלעכט — אַ גרויל... אַ שרעק!
מיר דאַכט דער מ ע נ ט ש
גייט פון דער וועלט אַוועק.
אַ נייע בריאה קומט אָן
און שרייבט רשעות אויף איר פאָן.

## איר מעגט טראַכטן אַנדערש

אויב אַ מענטש איז פֿאַר דער צייט
געשטאָרבן — האָט ניט די אייביקע מאַמע
אים אַרויסגעפֿירט דורכן טויער פֿון לעבן
צום רייך פֿון אייביקייט, אים האָט אומגעבראַכט
אַ טייערער דאָקטער, אַ גוטער פֿריינד,
אָדער אַ ליבע פֿרוי — —

אויב אַ מענטש איז פֿאַרקלעמט ביז פֿאַרצווייפֿל,
מיינט ניט, אַז אין זיין האַרץ זינגט ניט ליבשאַפֿט
און פֿרייד — ער קאָן ניט אַנטפּלעקן זיינע
האַרציקע רייד, ווייל ליגנער האָבן זיין וואָרט
פֿאַרנאַרט און אים אין אַ ווינקל פֿאַרשפּאַרט...

## ברילן

האָב נישט קיין דרך ארץ פֿאַר מענטשן
מער ווי פֿאַר זיך אַליין. קיין מענטש איז
נישט הייליקער פֿון דיר. האָב דרך ארץ
פֿאַר אַ קליין קינד און פֿאַר דער גרויסער
מאַמע נאַטור.

מענטשן זענען זינדיק ווי דו. דער וואָס
רעדט אויף דער בינע ווי אַ נביא, קען
אויך זיין אַ נישט צו זיין ווייב און קינד.
דער וואָס שרייבט פֿאַר דער וועלט ביכער,
טוט פֿאַרקערט ווי אין זיין אייגן בוך שטייט
געשריבן — — —

האָב נישט קיין דרך ארץ פֿאַר די וואָס זאָגן
זיי ווייסן בעסער — — זיי נוצן זייער ווייסן זיך
אַליין צו מאַכן שטאַרקער גרעסער — —

האָב נישט קיין דרך ארץ פֿאַר מענטשן מער
ווי פֿאַר זיך אַליין. האָב ליב די וואָס זענען
פֿריי און ערלעך... און באַקעמף יענע וועלכע
פֿאַרפֿירן אַנדערע און זיך אַליין — — —

באַפרייט ווערטער פון קרייץ.
די בעסטע ווערטער ווערן פאַרפייניקט צום טויט.
עס ראַנגלט זיך מיטן שקר דאָס הייליקע וואָרט
א מ ת.
ווי אַ ליכט אין ווינט צאַנקט דאָס וואָרט
י ו ש ר.
דאָס וואָרט ב ר י ד ע ר ל ע כ ק י י ט האַלט שוין באַלד
ביים שטאַרבן.
פאַרשעמט איז דאָס געגאַרטע וואָרט גלויבן.
מענטשן קרייציקן מער ניט קיין מענטשן, נאָר
ווערטער...
מיטן כוח פון שקר דערווערגן זיי דעם אמת.
מיט די וואונדער פון חכמה פאַרטיליקן זיי
יושר.
שקר האָט די פרייד אויפגעהאַנגען אויף אַ בוים —
מיליאָנען ציען זיך צו איר און בלייבן
פאַרבענקט.
אין אַ קלעם געוואָרגן ראַנגלט זיך דאָס וואָרט
ל ע ב ן.
גוטע מענטשן, ראַטעוועט די גוטע ווערטער.

## ג ע פ אַ ר

דאָס וואָרט קלינגט און זינגט,
דאָס וואָרט זאָגט צו גליקן מיט גאָלדענע בריקן.
דאָס וואָרט מאַכט גלויבן און קאָן דעם מענטש
דערהויבן.

נאָר נישט לאָז זיך נאַרן — דאָס וואָרט באַהאַלט
געפאַרן.. ווערטער פאַרשטעלן די טאַטן
און האַלטן אין איין פאַרראַטן — — —
דאָס וואָרט איז טייל מאָל אַ מאַסקע —
ווי אונטער דער רויז איז פאַרבאָרגן אַ דאָרן ..
אַזוי באַהאַלט זיך אונטערן בלענדיקן וואָרט:
דער פאַלשער מענטש מיט זיין צאָרן — — — —

## בייזע צינגער

די גיפֿטיקע רייד אונטער די אויגן —
מען וואָלט זיך פֿון זיי אויסגעלאַכט,
ווען זיי וואָלטן
אַזוי פֿיל שאָדן ניט געבראַכט — — —
די גיפֿטיקע רייד אונטער די אויגן —
זענען אַזון מוראדיק אמת —
דאָך אַזוי ליגנעריש ברוטאַל — —
זיי פֿאַרנאַרן קלוג ווי שדים
און פֿאַרשפּרייטן גיפֿט און גאַל..

## איין קלעם

איך האָב געזען דאָ און דאָרט
שיינקייט און איידלקייט
פֿון געדאַנק און פֿון וואָרט.
מער פֿון אַלץ האָב איך געזען
דאָס צאַנקען און קריגן
און דעם געראַנגל פֿון מענטש
צווישן אמת און ליגן.

## ?

ווי אַזוי זאָל מען מאַכן,
אַז דער וואָס האָט אַ סך
זאָל ניט ווען האָבן צו פֿיל,
און דער שוואַכער פֿאַרן שטאַרקן
זאָל ניט ווערן קיין שפּיל?

ווי אַזוי זאָל מען מאַכן,
אַז דעם צדיקס מעשים
זאָלן אויך ניט ווערן שלעכט
און דער אמתביים שקר
זאָל ניט זיין קיין קנעכט.

## צום פאַלשן משיח

וואָס טויגן דיינע הויכע רייד
וועגן נביאים און קדושים,
אַז דו אַליין ביסט ביטרע
און צווייגעשטאַלטיק ?

וואָס טויגן דיינע געזאַנגען וועגן
אַן אויסגעטראַכטן משיח מיט
סימבאָלן פֿון דערלייזונג —
אַז ביי דיר אין האַרצן
באַהאַלטסטו אַ מעסער ?

ס'וועט ניט העלפֿן דיין פֿאַרשפּיצטע
מליצה — די קלוגע געקינצלטע סטילן.
דאָס מעסער וואָס דו האָסט באַהאַלטן
וועלן מיט דער צייט אַלע דערפֿילן...

## צ י י ט ־ צ י י כ ן

איז דאָס נישט סימבאָליש פֿאַר אונדזער צייט ?
וואָס די ביטרע קלוגע לייט
האָבן אויסדערוויילט פֿאַרן נביא פֿון היינט
דעם, וואָס האָט אַלעמען פֿיינט
און האַנדלט מיט סימבאָלן און ליגן
און וואָס מיט רשעות און אינטריגן
איז ער צום אויבנאָן אַרויפֿגעשטיגן?

## דער גראַגער

פֿאַראַן אַלערליי לידער — דאָס ליד
פֿון קאַמף און דאָס ליד פֿון שלום.
דאָס ליד פֿון שטויב און דאָס ליד פֿון חלום.
דאָס ליד וואָס זינגט פֿון לעבן און דאָס ליד
וואָס באַוויינט דעם טויט. דאָס ליד וואָס קלעמט
מיט צער און דאָס ליד וואָס קוועלט פֿון פֿאַרגעניגן.
נאָר בטול ווערן אַלע לידער ווען עס גראַגערט דער ליגן...

# צו די קאָרטנשפּילער

די וואָס האָבן פֿאַרביטן ס'בוך אויף גאָרנישט...
זיי קענען שוין אַלץ —
זיי ווייסן וואָס מען מעג און וואָס מען טאָר נישט.
די ליידן פֿון דער וועלט ווילן זיי פֿאַרגעסן,
ווילן בלויז קערטלעך, טרינקען און פרעסן.
אויסגעטאָן פֿון יעדן גלויבן, קאָן זיי
קיין געדאַנק נישט דערהייבן.
פֿאַרביטן גאַט אויפֿן קעניג פֿון קאָרטן
און דעם געווויסן אַריינגעשפּאַרט דאָרטן.
וואָס קימערט זיי וואָס קינסטלער מאָלן,
דיכטער שרייבן — אַבי זיי קאָנען
נאַריש זייער צייט פֿאַרטרייבן...
נאָר מישן און טאַשן קעניגע מיט טייז
און זייערע ווערטער ווערן עקלדיק ווי לייז.
וואָס גייט זיי אָן די נויט און פּיין פֿון צווייטן,
אַבי זיי קאָנען זייער פֿעטן חלק ברייט צעשפּרייטן.

שפּילט, שפּילט, איר פּלאַפּלער פֿון גאָרנישט
אין אַ זינלאָזן כאָר — איר האָט שוין פֿאַראומזינט
אַ גאַנצן דור — — —
שפּילט, איר פּוסטע פֿאַרווײַלער און צײַלער פֿון געלט,
איר האָט שוין פֿאַרשפּילט אונדזער בעסערע וועלט...

היטלער האָט ביכער פֿאַרברענט צוליב רויב —
ביי אייך ווערן ביכער געשענדט מיט שטויב...

פֿאַרקערטע חכמים מיינע,
איר טרעפֿט טאַקע וואו איר צילט —
נאָר דעם טיש, וואו אַ מענטש קומט צו אַ מענטשן...
האָט איר שוין פֿאַרשפּילט — — —

# צואה

היט זיך פֿאַרן בלינדן גלויבן.
געדענק: מיטן שקר פֿירט מען דאָך די וועלט...
בלינדער גלויבן באַהאַלט געפֿאַר און צער.
זיי־זשע ניט קיין נאַר און לאָז זיך ניט נאַרן.
היט זיך פֿאַר געשמינקטע ווערטער־געפֿאַרן.
גלויב ניט אפֿילו אין דער פֿעדער
וואָס האָט געשריבן די דאָזיקע ווערטער.
און איבער אַלץ זאָלסטו זיך היטן פֿאַר מענטשן...
וואָס ווייניקער דו וועסט זיי געטרויען,
אַלץ מער וועסטו בענטשן די האַנט —
וואָס האָט געשריבן די־אָ פּשוטע ווערטער.

# ניט־פֿאַרגינער

דאָס איז אין ביכער נישט פֿאַרשריבן:
אויפֿן פּנים שטעלן זיי אָן אַ זיסע מינע —
נאָר אין האַרצן ביי זיי ברענט אַ גיהנום פֿון קנאה.
זיי, וואָס קענען נישט מאָלן, נישט שפּילן, נישט שרייבן,
גרויסן זיך מיט שפּאָטן פֿון די וואָס קענען — —
און שיפֿן ווי שלאַנגען מיט שנאה.
ניט פֿיל פֿיינער זענען די לייט וואָס שרייבן
אין די בלעטער — זיי זענען אויך צום עכטן שאַפֿן
פֿאַרשטעלטע פֿאַרדעטער... ווער ס׳באַטראַכט מיט
היתפּעלות אַ נייעם בריליאַנט — זיי שפּיאָנירן
מיט פֿאַרדאַכט יעדן נייעם טאַלאַנט — — נאָר קאַלט
און טויט בלייבט זייער געמיט... און זיי ווייסן נישט —
ווי איך בין אַ ייד — אַז זייער גאַנץ לעבן שרייבן
האָט נישט די ווערט משה לייבס אַן איינציק ליד — — — —

## דער פאַרשטעלטער

דער צער פֿון האַרץ איז גרוים — ווייל דער
רשע אין מענטש איז פֿאַרבאָרגן אַזוי טיף,
אַז מען זעט אים נישט אַרוים.

ווי מיטן טאָג גייט מיט דער שאָטן פֿון דער נאַכט —
אַזוי גייט מיט דער ליגן... מיט אַלץ וואָס
דער מענטש טוט און טראַכט — — — —

דער ליגן לויפֿט פֿאַר דער טאַט —
און קראַנק ווערט מען דורך פֿאַרראַט.
נישט ווייל דאָס האַרץ איז שוואַך גייט מען פֿרי
פֿון דער וועלט — — מען גראָבט אַ קבר, ווייל
אַ „גוטער" דאָקטער האָט זיך פֿאַר אַ פֿריינד
פֿאַרשטעלט — — — —

נאָט האָט נישט באַשאַפֿן דעם מענטש ער זאָל
קרענקען — מען קרענקט און מען לײַדט דורך
פֿאַלשן דענקן.

דער צדיק פֿון יעדן דור איז פֿון ליגנער
אויסגעטראַכט — — דער פֿאַרשטעלטער רשע
האָט מיטן שקר זיך אַליין שיין געמאַכט — — — —

## צו די „יונגע"

געוועזן מיין מזל מיר זאָלן זיך
קריגן — איר האָט מיך פֿאַרריכלותט
און איך האָב געשוויגן.
דעם פֿאַרדינטן אורטייל וועט איר
אַמאָל קריגן — נאָר ווען דער אמת
וועט אויפֿגיין וועלן מיר שוין אַלע
ליגן — — —

## די קרוין פון אמת

וואָס דאָס מזל האָט מיך בלינד געפירט —
וועל איך זיך נישט באַקלאָגן...
האָב איך דאָך געזאָגט פריי
וואָס אַנדערע האָבן נישט געוואַגט צו זאָגן.
פאַר יעדן אמת באַצאָלט מיט בלוט —
און וואָס איז געווען דער לוין?
איך בין פון זיי געוואָרן געקרוינט —
כאָטש דערווידער איז מיר
יעדע קרוין.
ווען אַ מענטש פון ליגן זיך באַפרייט
דורך אַ טיפערן פאַרשטיין,
ווערט דעמאָלט דער איינענער קאָפּ
די שענסטע קרוין אַליין...

## בויער

פאַראַנען מענטשן וואָס זענען געבוירן
מיט זון אין די אויגן. זייער פאַרשטיין
איז ליכטיק, זייער ווילן — קלאָר און אַלץ
וואָס זיי טוען איז מיט גלויבן.
וואו אַנדערע פילן פינצטערן צער —
פלאַטערן זיי מיט ליכטיקער פרייד.

זיי זענען מענטשן מיט זון אין די אויגן.

שטענדיק בויען זיי, וואו אַנדערע צעשטערן.
קלאָגן יענע אויפן פאַטום פון אייביקן פאַרגיין,
באַגריסן זיי דעם וואונדער פון אייביקן ווערן.
זייער וויזיע דינט זייער ווילן, ווי דאָס וואָרט
דינט דעם געדאַנק, וואָס ביי אַנדערע איז בלויז
וואָרט, ווערט ביי זיי טאַט, וואָס שאַפט וואונדערלעכע
זאַכן — — וואָס יענע זעען בלויז אין חלום —
ווערט ביי זיי אַ וואָר... וואָס קען די וועלט איבערמאַכן.

מענטשן מיט זון אין די אויגן.

# באחרית הימים

די כוחות וואָס האָבן געבויט
די בערג און דיביימער,
קאָן מען געטרויען,
אַז זיי וועלן אויך בויען
דעם נייעם מענטשן.

די וואונדער וואָס האָבן געשאַפן
דאָס אויג צום גאַפן
און דאָס אויער צום הערן,
וועלן גורם זיין אויפצולייכטן
אַ נייעם שטערן.

די ניסים פון גלויבן און וויסן
וועלן אייביק נישט זיין צעריסן —
די צייט וועט זיי צוזאַמענגיסן
און איינאיינעם דערגאַנצן דעם מענטשן:
אַז קיינער וועט מער קיינעם
פון דער וועלט אַרויסשיסן — —

דאָס פאַרמערטע וויסן וועט שטאַרקן
אין מענטשן דעם גלויבן...
דער וואונדער פון נישט האָפן אויף וואונדער —
וועט אים צו אַ נייער וואָר דערהייבן.

## זײ

זײ האָבן די גאַנצע ערד פֿאַר זיך —
און פֿאַרגינען אונדז ניט קײן אײנציקן שפּאַן.
וואו איז בײ זײ יושר פֿאַראַן ? אַז זײ האָבן
די מינען, די פֿעלדער און די וועלדער,
דאָך ערגערט זײ וואָס מיר אָטעמען גאָטס לופֿט.
זײ פֿאַרמאָגן די שיפֿן מיט די ימען, די באַנען
און די עראָפּלאַנען — דאָך זאָגן זײ, אַז מיר פֿאַרכאַפּן
די ערד.

זײ האָבן פּרעזידענטן מיט באַראָנען, מיט ביקסן
און קאַנאָנען — דאָך רכילותן זײ, אַז מיר
רעגירן די וועלט.
זײ זענען אין די הונדערטער מיליאָנען
און מיר, בלויז שוואַכע צעוואָרפֿענע צאָלן —
דאָך זענען מיר זײ צו גרויס אין די אויגן.
אַפֿילו די בעסערע פֿון זײ האָבן ניט געהויבן
זײער פֿרום קול, ווען מען האָט פֿאַרברענט מיליאָנען
פֿון אונדזער פֿאָלק — באַוואָפֿנט בלויז מיט שלום...
שוין טויזנטער יאָר ווי זײ לערנען אונדזער תורה
און האָבן זיך בלויז אויסגעלערנט צו האַנדלען
פֿאַרקערט ווי עס שטײט געשריבן — —
און וואָס מיר טוען ווערט אין זײערע פֿאַרקרומטע
קעפּ פֿאַרדרייט, און וואָס מיר טוען נישט —
ווערט בײ זײ פֿאַרשפּרייט פֿאַר אַ פֿינצטערע לעגענדע...
וואָס פּאַסט זיך פֿאַר שדים.

ווייט און ברייט איז געאַקערט און געזייט
זײער פֿעלד — —
און מיר — מיר האָבן ניט גענונג ערד
צו באַפֿעסטיקן אונדזער שטאַם.
די צווייגן פֿון אונדזער בוים
זענען צעבראָכן און צעוואָרפֿן ווייט,
און די בלעטער זענען אין אַלע
ווינקלען פֿון דער וועלט צעשפּרייט...

און וואַקסט אין אונדזער גאָרטן אוים אַ רויז —
נעמען זיי זיך מיט איר באַצירן — —
און פֿאַר אונדז לאָזן זיי דעם דאָרן...
און זיי באַנעמען אונדזער זיין אויף דער וועלט,
ווי מיר וואָלטן געבוירן געוואָרן בלויז
פֿאַר זייער צאָרן — — —

דאָך לעבן מיר מיט זיי
און מיר האַנדלען מיט זיי —
מיר קעמפֿן און ליידן פֿון זיי — —
אָבער מיר האַסן ניט...
מיר ווערן בלויז געהאַסט — — — —

# מיר און זיי

זיי באַשולדיקן אונדז אַז מיר זענען זינדיק.
ווער איז דאָס ניט? אַזוי איז דער מענטש:
ער ראַנגלט זיך צווישן טוגנד און זינד...
אין סוד פֿון אַלע סודות — ווי אַ גאָט
וואָס איז בלינד.

נאָר מיר ווערן ניט געשטראָפֿט פֿאַר שלעכטס.
נערודפֿט ווערן מיר פֿאַר מעשים טובים...
מיר האָבן געגעבן דער גערעכטיקייט אַ צונג
און זי געשטעלט אין צענטער פֿון דער ערד —
ווי קענען זיי דאָס פֿאַרגעבן?
אַז זיי פֿאָכן נאָך מיט דער רויבערישער שווערד...
מיט צוויי פֿינגער לעבן זיי: איינס צום הימל
טוט תפילה טאָן. דאָס צווייטע רויבט די פֿרוכט
פֿון שכנס פֿעלד און בוים, ווי דאָס וואָלט געווען
אַ געבאָט פֿון אייביק אָן.

טאָ ווי אַזוי קענען זיי באַנעמען אונדז ווי אַ גלייכן?
אַז די מורא פֿאַר אונדזער אַנדערש זיין
מאַכט זיי פֿון אונדז צו וויכן — —
טראַכטן זיי אַריין אין אונדז זייער שנאה,
וואָס צינדט אין זיי די גיפֿטיקע קנאה...

אַפֿילו דעם צייכן פֿון פּיין האָבן זיי
צונערויבט פֿאַר זיך אַליין — —
טויזנטער יאָרן ווי מיר ווערן געקרייציקט
און זיי, מיטן קרייץ, באַצירן וואָס איז געמיין.

זיי פּייניקן און מאָרדן — און האָבן דעם מוט
צו וואַרפֿן אויף אונדז דעם בלבול:
אַז מיר נייטיקן זיך אין זייער בלוט.

דעם גורל פֿון דער וועלט האָבן זיי אין זייערע הענט
און פֿירן אַלץ אַזוי דערפֿינדעריש און פּלאַניק...
נאָר אונדז האָבן זיי געלאָזט פֿאַרפֿירן —
קיין טרעבלינקע און מאַידאַנעק — —

זיי וואַרפֿן אונדז פֿאָר: אַז מיר האָבן זיך
פֿאַר אַ ציל געשטעלט: צו דינען דעם גאָט פֿון געלט.
ווען ס'איז אָפֿן און קלאָר די לעבעדיקע וואָר:
אַז ישראל איז דער אָרעמאַן צווישן פֿאָלק און פֿעלקער
און דערפֿאַר דאָס הייליקסטע פֿאָלק — —
ווייל אָרעם זיין מיינט אמת הייליק זיין...
רייך זענען מיר אין גייסט און רייכער נאָך אין לײדן,
נאָר זיי ווילן דאָס ניט וויסן — עס זאָל ניט
באַאומרואיקן זייער קראַנק געוויסן — — —

# צו די נאָבעלע באַרבאַרן

ווייסט, אַז איך בין אַ ייד.
אין מיר טרויערט דאָס בלוט פֿון מאַרטירער.
מיין וויזיע קומט פֿון אַ העלדן־דור,
וואָס האָט געלעבט אין אַ פֿאַרטרוימט לאַנד.
אין מיר לעבט נאָך זייער ניט פֿאַרגאַנגען לעבן,
זייער איינגעשפּאַנטער ווילן.
אָבער איר, נאָבעלע באַרבאַרן —
פֿון בלוט באַפֿלעקטע לענדער —
איר בענקט צוריק צו אייערע זיידעס —
די קאַניבאַלן...
איר האָט נאָך זייערע אַפּעטיטן
און די זעלבע ציין — —
נאָט וואונט צו הויך פֿאַר אייך —
אַז ניט וואָלט איר אים אויך איינגעשלינגען...
אַזוי גרוים איז אייער ווילן צו פֿאַרצוקן.

וואָס פֿאַר אַ שייכות האָב איך מיט אייך?
קען דער געפּייניקטער מיט זיין פּייניקער זיין גלייך?
אַז צו מיין ווײ־געשריי זענט איר טעמפּ און טויב
און אייערע הענט זענען אומריין פֿון רויב...
וועל איך אויסחלומען אַ טורעם צו די הימלען,
צו וואוינען פֿון אייך ווייט —
אַזוי ווי גאָט — — —

פונעם בוך: „אויף די וועגן פון ווינט".

# אונדזער דור הפלגה

פֿירער פֿאַנאַטיקער האָבן געזאָגט
צו אונדזער פֿאָלק:
איר אַלע ווייסט ניט — מיר ווייסן — —
און מיר ווייסן שוין אויך פֿאַר אייך...
און כאָטש איר זענט אייביק אַלט
און יונג, דאָך ווייסט איר ניט
ווי צו נוצן אייער צונג.
וואָס איר רעדט אי ז ניט קיין שפּראַך —
דאָס לשון וואָס איר קענט ניט...
דאַרף זיין אייער זאַך — —

— — — — — — — — — — — — —

יאָרן לאַנג ווי מען הערט פֿון אויבן
די פֿרומע גאוה־געשרייען, וואָס צעטיילן
מיט שנאה אונדזערע רייען — —
זאָגט איינער גלייך —
הערט אַ צווייטער קרום — —
ווייל ווער זאָגן דעם אמת —
מאַכט מען אים שטום......
איז צעריסן אונדזער יידישע צונג —
און געשטערט איז אונדזער שוואונג...
טראָגן מיר זיך אַרום מיט אַן אויסגעטראַכטן
מום — — —

# פראַגע־צייכנס

אין אונדזער גרעסטן אומגליק —
ווער זאָל רעדן צו דער האַרטער, קאַלטער וועלט,
אַז אויך אונדזער צונג איז געוואָרן טעמפּ
פֿון פֿאַלשע רייד?

וואו איז דער משה רבינו פֿון היינט,
וואָס זאָל כאָטש שטאַמלען צו דער וועלט —
זאָל אויפֿשטורמען איר קראַנק געוויסן...
און אויפֿציטערן איר פֿאַרשטיינערט האַרץ — — — —

# ניט זשאַרגאָן — נאָר זשאַר־גאון

דורות האָבן אונדזער שפּראַך געליטערט,
זי זאָל זיין ריין — ס'פֿאָלק האָט געקרוינט ייִדיש...
ווייל ייִדיש לשון האָט אַן אייגענעם חן — —

וואו מיר האָבן ניט געלעבט: אין ווייטע לענדער,
אין גרויסע שטעט, צי ערגעץ אין אַ פֿאַרוואָרפֿן אָרט —
אומעטום האָבן ייִדן געצערטלט
דאָס ליבע ייִדישע וואָרט — —

מאַמע־לשון זינגט אין ייִדישע הערצער —
פֿאַרן פֿאָלקס געזאַנג דרך ארץ! ייִדיש האָט געבוירן
גאונים דיכטער:
פֿונעם בראַצלאַווער ביז י. ל. פּרץ.

אויך אין אונדזערע טעג איז ייִדיש
מיט גרוים גרעטעניש שוואַנגער —
אין ייִדיש קודש מייסטערן גרויסע וואָרט־ווירטואָזן:
פֿון יעקב גלאַטשטיין ביז איציק מאַנגער.

שוין יאָרן לאַנג ווי שוואַרצע ראָבן קראַקען
נאָך אונדזער לשון קדיש — און די היינטיקע
שוואַרץ־זעער, מיט זייער נאַכטיקער וויזיע,
זענען אויך נאָר נישט מחדש — — —

געהייליקטע שפּראַך — פֿון פֿאָלקס פֿרייד
און לייד דער גרעסטער חידוש — —
די פֿאַרפּייניקטע ייִדן האָבן אויסגעהויכט
זייער לעצטן אָטעם
אויף אַ דערוואָרגענעם ייִדיש...

און וויפֿיל שאָטן מען זאָל אויפֿן פֿאָלקס לשון
ניט אויסשפּרייטן — וועט ייִדיש נאָך ליכטיקער
לייכטן אין בעסערע מענטשלעכע צייטן — —
ייִדיש אין אַלע ווינקלען פֿון דער וועלט —
וועט די גאוה־שפּראַך פֿאַרבייטן...

און וואָס עס האָבן ניט צעטאָן די כוהנים
פֿון גאוהדיקן שגעון — דאָס שׂפּחה־לשון
איז זיך דאָך צעוואַקסן: אין אַ שפּעדיקן
זשאַר - גאון...

# ביי אונדז

אונדזער גאַס איז קליין און צעריסן,
אַלע פֿילן זיך ענג — און איינער
פֿאַרגינט ניט דעם צווייטן
דעם ביסן.

יעדער רייסט זיך צו שטייגן
אויפֿן חשבון פֿון צווייטן —
און אַלע צוזאַמען באַשאַפֿן אַ לעבן
אַ צעדרייטן.

ביי אונדז ווערט איינער דערהייבן,
ווען מען נידערט מיט זיין ארון
אין דער טיף פֿון דער ערד —
דעמאָלט דערוועקט זיך ביי די
קלוגע לייט דער גוטער ווילן
צו בלעקערצן ווענן זיין ווערט.

אויפֿן פֿרישן קבר פֿון אַ קאָלעגע...
האָבן זיי ליב טעאַטער צו שפּילן — — — —

# פֿאַרקערטע וואונדער

משה האָט אין דער מדבר געשלאָגן אַ שטיין,
איז אַ וואונדער געשען:
וואַסער האָט גענומען גיין.
דער נביא קען וואַסער פֿאַרוואַנדלען אין וויין.
און איר, היינטיקע קלוגע נביאים,
שלאָגט קוואַלן — און ס׳געשען
פֿאַרקערטע וואונדער:
פֿון יעדן קוואַל ווערט אַ זומפּ...
און יעדער זינקט מיט זיין צער אַליין.

# ביי די פריסטער פון וואָרט...

צום אָנדענק פון ב. ריווקין

זיין אָנקום האָבן זיי באַגעגנט מיט פֿאַרמאַכטע
לאָדנס און פֿאַרהאַקטע טירן — מורא געהאַט
ער וועט זיי דערפֿירן צו אַ וויטערדיקן טראָט:
העכער פֿון גאָט... געמיינט, זיי וועלן
זיך צו הערן, וועט ער זייער
מזרח־וואַנט צעשטערן.
ניין — ניט געשראָקן זיך דערפֿאַר — נאָר
געציטערט: דער גראָבער בייטל זאָל ניט
ווערן דאַר — —
האָבן זיי זיך קענגן אים מיט ביטרע ווערטער
פֿאַרמויערט... אויף זיין פֿייערדיק וואָרט מיט
שקר געלויערט — — פֿאַרפֿאַנצערט דעם גייסט
מיט רכילות און אינטריגן — ער האָט געהערט
און לאַנג געשוויגן.
דערנאָך האָט דער צער פֿון אים מיט גאַל
אַרויסגעשריגן — ווען ער האָט דערפֿילט
ביי זיך און ביי זיי דעם גרויס גרימירטן
ליגן — — —
זיי האָבן ניט געאַנט: אַז ער, דער
מינדיסטער צווישן זיי, זאָלן וויסן דעם
סוד: אינטימער פֿון גאָט... האָבן זיי
אים געלאָזן הילפֿלאָז אין נויט —
ביז רייך געמאַכט האָט אים דער טויט...
ניט באַשערט געווען זיין דור זאָל וויסן
די גרויס פֿון זיין ווערט — האָט זעלטן ווער
צו זיין וואָרט זיך צו געהערט — — —
האָט ער אין זיין דמיון געבויט פֿאַרכישופֿטע
שלעסער — דעם געמאַכט גרויס, אַן אַנדערן
גרעסער — — איינעם אָנגעטאָן משיחס קרוין...
וואָס איז געווען זיין לוין?
זיי האָבן אים פֿאַררוקט אין אַ שאָטן —
ווי זיין וואָרט וואָלט קיין מאָל געווען
געראָטן — מען האָט גענומען אויפֿריכטן זיין
שריפֿט — ווען ער איז שוין געווען פֿאַרשאָטן — — —

נאָר ניט געהאָלפֿן האָט זיי דאָס זיין צו אים
פֿאַרביסן — זיין ליכטיק וואָרט האָט זיך דאָך
צו איינציקע אין האַרץ אַריינגעריסן — — —

———————————————

זיין אָנקום האָבן זיי באַגעגנט מיט פֿאַרמאַכטע
לאָדנס און פֿאַרהאַקטע טירן... דאָך וועט זיין
וויזיע צום העכערן מענטש דערפֿירן — — —

## אַ פּאָרטרעט

אַליין פֿאַרכישופֿט... געכישופֿט שיינקייט
דאָ און דאָרט און ניט אויסגעכישופֿט
קיין וואָגיק וואָרט.

יאָרן לאַנג קאָקעטירט, ראָמאַנסירט, פּאָזירט
און מיט סימבאָלן שיין זשאָנגלירט.
געווען צאַרט און דין מיט וואָרט אויף פּאַפּיר —
אָבער מיט מענטש אין באַריר...

גרעבלעך שרייאיק — ווען מען האָט באַדאַרפֿט
רעדן רואיק שטיל און זיין קלוג מיט אַ ציל.
אַליין געליטן... און ניט אויסגעמיטן
צו מאַכן ליידן ליידנדיקע.
אַליין באַליידיקט — און זינלאָז באַליידיקט
באַליידיקטע — —
פֿאַר אַ טיפֿן געדאַנק אין אַ ליד האָט ער זיך
מוראדיק געהיט — — געמאַכט חן און קלאַנג
פֿאַרן עיקר
און פֿאַרזען: אַז דער איך ווערט
פֿון גאווה שיכור...
געוואָקסן הויך... און ניט געהאַט קיין כוח
זיך צו דערהייבן צו דער
איינענער הויך.

## חורבן

שווער צו שטומען — נאָך שווערער
עפּעס צו זאָגן. ווער האָט דען דאָס וואָרט?
צו גרויס דער צער
די מיליאָנען פאַרפּייניקטע צו באַקלאָגן.
די בערג שיכלעך פון די געקוילעטע קינדער
רעדן מער ווי אַלץ אין דער וועלט — — —

## דער חוב

אָפּגעווישט איז געוואָרן די גרעניץ
צווישן לעבן און טויט — — ווי קען אונדז
איינגיין ס'לעבן, אַז אַזוי פיל פון אונדז האָבן
לעבעדיקע נאָך פון טויט געליטן און מיליאָנענווייז
געוואָרן פאַרשניטן?
אָבער די מתים זענען לעבעדיקער ווי מיר.
זיי טענהן צו אונדז טאָג און נאַכט — קלאָגן אָן
ערד און הימל און מאָנען און מאָנען — —
און מיר — מיר רעדן בלויז פון זיי
און קלאָגן אויף זייער שוידערלעכן אומקום.
באַשערט אונדז צו פירן זייער חשבון
אויף דער ערד... און אונדזער לעבן
וועט האָבן אַ ווערט, ווען מיר
וועלן ברענגען צו שאַנד די שדים פון דער ערד.
דער אייביקער שלאָף פון די קדושים
וועט אונדז תמיד האַלטן וואַך...
פאַר זייערע פּיינען וועלן מיר שטענדיק מאָנען
און די פּייניקער וועלן מוזן צאָלן — —
צאָלן דעם חוב — וואָס האָט ניט קיין גלייכן אין די צייטן...

# אַזוי אומפאַרשטענדלעך

איך וואָלט געוואָלט זיין אַ מכנים־אורח
צו אַ נאַצי־רוצח.
כ'וואָלט אים געגאַנגען אַנטקעגן
מיט ברויט און מיט ווייַן
און ניט אויפגעהערט פרעגן
טאָג אוים און טאָג איין:
— פאַרוואָס האָט ער ווי שטומע רינדער
געשאָכטן מאַמעס מיט קינדער?
ווי אַזוי האָבן זיינע הענט זיך געהויבן
אומשולדיקע לעבנס צו רויבן?
ווי אַזוי איז זיין האַרץ געוואָרן אַ שטיין,
ביי אים — אַ טאַטע פון קינדער אַליין?
וואוהין איז פאַרשוואונדן דער מענטש
אָן שפור. ווי אַזוי איז געוואָרן
אויסגעלאָשן זיין קולטור?
איך וואָלט אפשר אין זיין ענטפער
אַ באַשייד געפונען, וואָס וואָלט ניט
גערירט מיין זינען — — —

# פ אַ ר ו ו אָ ס ?

וואו איז געווען דער גרויסער גאָט —
פון וועלכן עס רעדן די פראָפעטן און פאָעטן,
ווען מען האָט זיין פאָלק באַליידיקט
און דערנידעריקט מיט אַן אומהייליקן טויט?
פאַרוואָס האָט ער ניט באַוויזן קיין נס?
אויב ער איז אַ גאָט וואָס קען ניט העלפן
אין אַ נויט פון אַ שרעקלעכן טויט —
פאַרוואָס אים גרויסן און לויבן?

„אויף ניט קענען זענען מיר אַלע געטער".

ל. שאַפּירא

# אייביקע קולות

איך הער די קולות פֿון די מיליאָנען געפּייניקטע —
אומשולדיקע פֿאַרפּייניקט צום טויט.
איך הער די קולות פֿון די אומגליקלעכע מאַמעס,
וועמעס קינדער מען האָט דערהרגעט פֿאַר זייערע אויגן.
איך הער דאָס געוויין פֿון די קינדער — ניט וויסנדיק
וואָס מ׳גייט מיט זיי טאָן — האָבן געפֿילט די שרעק
פֿאַרן טויט — —
די שטיינער האָבן געהערט די קולות און זענען
געבליבן ליגן אויף זייער אָרט.
די ביימער האָבן געהערט און זייערע וואָרצלען
אין דער ערד זענען נישט געוואָרן פֿאַרדאַרט...
געהערט האָבן די שטערן אין די ווייטע ספֿערן
און זענען נישט געוואָרן פֿאַרלאָשן.
די לבנה האָט געהערט די געשרייען
און פֿאַרשטעלט איר פּנים מיט אַ וואָלקן...
די טייכן האָבן געהערט און זענען נישט געוואָרן רויט
פֿון דעם פֿאַרגאָסענעם בלוט.
די זון האָט געהערט און געזען
און איז אַרום שיינען
מיט אַלע אירע חנען...
ווי נאָרנישט וואָלט געשען — —

די מענטשן פֿאַרשיכורט פֿון רויב —
זענען איננאַנצן געוואָרן טויב...
אַ סך פֿון אַרום האָבן געהערט
און געבליבן שטום — —
טייל האָבן געהערט און געזען
און זיך פֿאַרבענקט נאָכן טויט...

די קולות וועלן קיין מאָל נישט אויפֿהערן,
זיי וועלן שרייען אין אַלע צייטן
און מאָנען חשבון
אין די אייביקייטן — — —

## ווער וועט באַוויינען מיין פאָלק?

מיין פאָלק האָט קיינעם ניט געטאָן קיין בייז.
מיין פאָלק האָט קיין שיפן פאַר קריג און זיג.
קיין לופט־וואָפן צו שליידערן אויף דער וועלט
טויט און פאַרוויסטונג.
דאָך האָט מיין פאָלק אַזוי פיל געליטן—
זעקס מיליאָן זענען געוואָרן פאַרשניטן.

ווער וועט באַוויינען מיין פאָלק?

אַז אַלע ווילן נאָר פרעסן פרייד צו זאַט
און קענען זיך נישט דערהייבן צו אַ גרויסער טאַט.
נאָר גיב זיי באַנקעטן מיט פולע טעלער לויב...
צו פאַרגעסן דעם יאַריד פון מאָרד און רויב.
יעדער איז שיכור פון זיין איינענעם איך...
און שאַרט יענעמס חלק אויך צו זיך — —

ווער וועט באַוויינען מיין פאָלק?

## שטראָף

ניט זיי האָבן פאַרגאָסן זייער בלוט —
נאָר מיר... מיר טראָגן שוין דעם קרייץ
זינט טויזנטער יאָר — — אונדז האָבן זיי
צום קרייץ צוגעבונדן און מאַכן אונדזער אומה
אַלע מאָל נייע וואונדן — —ניט ווייל ס'איז וואָר
וואָס זיי זאָגן וועגן אונדזערע זינד,
נאָר ווייל זיי האָבן בייז און בלינד
וועגן אונדז ליגן פאַרשפרייט און צוזאַמען
מיטן ליגן אויך דעם האַס פאַרזייט...
דער האַס וואָס פרעסט אויך זיי ביזן ביין
און פירט די פעלקער אין יאַטקע אַריין.
עס ווערט זיי ניט געשענקט, וואָס זיי האָבן
אונדז געבראַכט פאַר אַ קרבן — אויך זיי
מוזן ליידן פון זייער פינצטערן חורבן.

# חשבון הוועלט

פֿאַראַן זאַכן מיט וועלכע מען טאָר ניט
מאַכן קיין שלום... אַפֿילו אין חלום
טאָר מען דעם בראָך פֿון די מיליאָנען
קדושים ניט פֿאַרשוועכן.
אַ זינד איז זיי צו פֿאַרגעסן — מיט דער טענה:
דער צער האָט שוין דערעסן — —

אין די פּאַלאַצן זענען געזעסן די מעכטיקע
פֿון דער וועלט — זאַט מיט מאַכט און פֿון
וואוילטאָג צופֿרידן — — זיי האָבן געזוי געוואוסט
די נאַצי־שדים קוילענען אוים מיליאָנען יידן.
און קיין וואָרנונג צו די מערדער איז נישט געקומען
פֿון זייער צונג... פֿון זייער מויל קיין געשריי
פֿון גרויל — — פֿון זייער קול קיין איינציקער קלונג.
ניט גערירט האָט זיי
אונדזער מיליאָניקער ווי — — —

די וועלט־פֿירער האָבן זיך ניט דערהייבן
צו קיין איינציקער מענטשלעכער טאַט — —
נאָר מיט קלונגן שווייגן גוט געהיימן קעגן
אונדז דעם גרעסטן פֿאַרראַט.

מיר האָבן מיט דער וועלט אַ חשבון
נאָר אַ שווערן... מיר וועלן ניט מאַכן
קיין שלום — ביז מאָרד וועט ניט אויף
אייביק אויפֿהערן — — —

## גנבה

זיי האָבן פון אונדז צוגענומען
דעם גרויסן טרויער — און פון אים
געמאַכט אַ ציר־מאַסקע פאַר זיך...
וואָס ווייסן זיי פון איביקן טרויער?

זיי האָבן צוגענומען אונדזער מאַרטירערשאַפט
און געמאַכט פון אים אַ פאַלשן שפּיל...
וואָס ווייסן זיי פון אמתע מאַרטירער?
זיי נאַרן גאָט, וועלט און געוויסן.
שוין טויזנטער יאָרן ווי זיי שפּילן זיך
מיט אונדזער ענדלאָזן צער
און קרייציקן אונדז דערפאַר — — —

## היינריך היינע האָט געהאַט אַ רייכן פעטער

גיי זאָג זיי: זיי האָבן פאַרראַטן דעם זין
פון דיין זיין — אַז זיי זענען דיינע ברידער,
וואָס די וועלט פאַרהאַסט זייערע לעבנס...

גיי דערצייל זיי: זיי האָבן פאַרפּייניקט דיין האַרץ —
אַז זיי זענען דיינע לײדנדיקע שוועסטער,
וואָס מערדער אין הפקר־יונגען שענדן און באַרויבן.

גיי דערצייל זיי: זיי האָבן אָפּגענאַרט דיינע
האָפנונגען — אַז זיי לעבן אין אַ וועלט
פאַרסמט פון שקר און זענען אַליין אָפּגענאַרטע.

ווי קאָנסטו זיך באַקלאָגן אַז זיי האָבן דיך
באַרויבט פון דיין פרייד — אַז זיי זענען
באַרויבט — אַפילו פון עם איינענעם טרויער...

ווער קאָן מאָנען ביי דעם וואָס פאַרמאָגט גאָר ניט?
ווער קאָן משפּטן דעם וואָס איז שוין פאַרמשפּט?

פאַראַנען ווערטער וואָס זענען פאַרהוילן אַפילו
פאַר די קלוגע... פאַראַנען וואונדן וואָס זענען טיפער
ווי די חכמה פון די באַרימטע חכמים — — —

# משה לייב

איך האָב געזען משה לייבן, ווען זיינע אויגן
האָבן וואוילייגנעריש געשמייכלט און זיין לייבן־קאָפּ
איז נאָך ניט געווען גרוי, פון זיין מויל זענען
געפלויגן ווערטער, וואָס האָבן געריינצט ווי אַ
יונגע שיינע פרוי און זיין קול האָט געקלונגען
הילכיק און שטאַרק, ווי דער בריל פון אַ לייב
אויף אַ באַרג.
איך האָב געזען משה לייבן אויף דער ליכטיקער
גאַס בראָדוויי, ביי אַ פענצטער פון אַ רייכער
קאַפּיי איז ער געבליבן שטיין און מורא געהאַט
אַריינצוגיין. זיין קאָפּ איז שוין געווען געבויגן,
שאָטנס האָבן זיך אויסגעצויגן אַרום זיינע אויגן,
זיין שטים האָט גערעדט שטיל און ציטערדיק אַזוי:
אַנטשולדיקט, כ'קען ניט אַריינגיין — כ'האָב ניט
צו באַצאָלן אַפילו פאַר אַ גלעזל טיי — — —

# משה לייב האָט איינגעזען

צו יונג איז משה לייב געשטאָרבן —
ניט ווייל ער האָט מער ניט געהאַט קיין יאָרן,
ער איז פון אַ דולער צייט געווען אַ קרבן.
שוין ביים לעבן האָט ער פאַרזוכט
דעם טעם פון טויט — ווייל זיין בלוט
איז געווען רויט און געזונגען ווילד
און פריי און געוואָרפן אויף די ליגנער
און היפּאָקריטן ווערטער ווי הייסער בליי.
דערנאָך האָט ער זיך אַרומגעזען:
אַז ס'איז ניט געווען כדאי — —
ניט געלוינט זיך דאָס גאַנצע קריגן...
די ליגנער וועלן סיי ווי זינגן.
דער וואָס דינט דעם אמת
וועט תמיד קריגן דעם זעלבן לוין:
אַ קרייץ — מיט
אַ דערנער ־ קרוין — — —

# אַפילו דער טויט

נעשטאָרבן משה לייב —
די קאַלענע האָבן פאַרגאָסן הייסע טרערן
אויף זיין קאַלטן קבר — — דערנאָך האָבן זיי
זיך ווידער אַוועקגעזעצט ווי גרימירטע צדיקים...
פירן זייער רעזשים פון גאָלד מיט כבוד — —
האָבן זיי געהאַט איין גרויס וואָרט
פאַרן לעבעדיקן דיכטער, ווען ער האָט געהונגערט
ביי זייערע זאַטע טישן ?
זוכט אין זייערע בלעטער — איר וועט געפונען
זעלטן דערמאָנט זיין נאָמען — —
האָבן זיי אויפגענומען משה לייבס ברויזיקן טאַלאַנט,
ווען ער האָט זיך געוואָרגן אין זייער רייכער פוסטקייט ?
ערשט ווען משה לייב איז שוין געווען אין קבר,
האָבן זיי זיך צעבלעקערצט וועגן זיין גרויסקייט —
כדי צו מאַכן גרעסער זייער אייגענעם כבוד...

# אויך משה לייב האָט פאַרלוירן

רייצן אומעטום רייכע רעסטאָראַנען
און האָטעלן, נאָר דו קאָנסט ניט אַריבערטרעטן
זייערע שוועלן. דיר פעלט דער גאָלדענער שליסל.
איין דריי און ס'ווערן פריי טויערן און טירן
און וואו דיין האַרץ גלוסט וואָלטן דינער דיך פירן.
נאָך אַ דריי און אוצרות וואָלטן פאַר דיר זיין אָפן,
ווען דו וואָלסט געקענט די קונץ פון בלאָפן — —
נאָר דו פלאָנטערסט אויף פאַפיר מיט זאַכן —
וואָס די וועלט טוט פון זיי לאַכן...
דערפאַר וועסטו זיך שלעפן — אַ בעטלער
איבער די גאַסן. די קלוגע וועלן פון דיר שפּאָטן,
די נאַראָנים וועלן דיך האַסן — —
וועסט תמיד בענקען נאָך אַ פאַרגעסענעם חלום.
בלויז דער וואָס האָט ניט קיין הענט —
וועט דיר וועלן געבן שלום...
וועסט פאַלן ערגעץ ביי אַ פרעמדן פלויט.
פריינטלעך זיין צו דיר וועט בלויז דער טויט.

# אין משה לייבס געמיט

בין שוין רייף מיט טעג און יאָרן —
און ווייט אין דער צייט פֿאַרפֿאָרן — —
פֿאַרפֿאָרן ? ניין, פֿאַרבלאָנדזשעט אינעם ליגן,
וואָס מיר האָבן פֿאַר זיך אויסגעטראַכט,
כּדי די מורא אין זיך צו טרייסטן.
נאָר איז דאָס אַ טרייסט ? אַז אַ בוים
וועט פֿון מיר אויסוואַקסן הויך און שלאַנק
און זיך ווינגן לויטן קאַפּריז פֿון ווינט.
אָדער אויף מיין קבר וועט זיך אַ בלום צעבליען
מיטן פֿיבער פֿון מיין בלוט און בלענדן
מיט איר פֿייער די אויגן פֿון די פֿאַרבייגייער.
און אַז אַן ערד־ציטער וועט מיין קבר איבערקערן ?
וועט קומען אַ פֿויגל און אַ פּיק טאָן מיין האַרץ
און משוגע ווערן... און זינגען
ווי דער פֿאַרליבטער מאַדזשנון,
פֿון ניט אויסגעלעבטער ליבע — —
און איך וועל גאָרנישט וויסן דערפֿון.
וועט דאָס היסן אייביקייט ?
נאַרישקייט.

# די ווייזערס ווייזן

דער זייגער וואָס ווייזט דער גאַנצער וועלט
די צייט — ווייסט אַליין ניט צי ס'איז שפּעט,
צי פֿרי.
אָבער מיר איז גוט באַקאַנט פֿון נאָענט און ווייט
ווי עס האַלט מיט אונדזער צייט — —

קענען אַלע שטימען יאַדעט אַ שטים:
ווער ווים צי ס'וועט העלפֿן די מי —
וואָס מען טוט און וואָס מען רעדט — —
ביי אונדז — ליידער — ווערט שפּעט...

# די גרימירטע צדיקים

צום אָנדענק ב. וולאַדעקן

מיר, די שוואַכע, שווייגן —
קומען די שטאַרקע און ליִיגן — —
זיי דעקלאַמירן אידעאַלן פֿון הויכן ווערט —
נאָר וואָס זיי פּריידיקן פֿאַר אַנדערע,
טוען זיי אַליין פֿאַרקערט...
ניט נאָר פּורים — אַלע טאָג שפּילן זיי
דעם שפּיל פֿון רום, רשעות און כבוד.
זייער צונג צינגלט תמיד דאָס וואָרט: פֿ ר י י ה י י ט,
אָבער וואָס איז זייער מיין?
זיי מיינען פֿרייהייט פֿאַר זיך אַליין — —
נאָר איינער פֿון זיי האָט דאָס וואָרט ניט געשענדט,
ער האָט געהאַט אַן אָפֿן האַרץ און אָפֿענע הענט.
אויך זיין טיר איז געווען אָפֿן פֿאַר יעדן איינעם.
אָפּגעזאָגט האָט ער ניט קיינעם... ווער ס'האָט
באַטראָטן זיין שוועל, איז ער אַרויסגעקומען
געהאָלפֿן און געטרייסט, מיט אַן אויפֿגעמונטערט
געמיט און אַ געשטאַרקטן גייסט.
די גרימירטע צדיקים האָבן פֿון אים
זיך ניט אָפּגעלערנט היטן אַ פּונקט פֿאַרן צווייטן...
נאָר ווייטער געטאָן האַנדלען און מיטן אמת ליגן
פֿאַרשפּרייטן — —
ווען די ווינטן האָבן אַהערגעבלאָזן
דאָס הייליקע אַש פֿון טרעבלינקע,
האָבן די צדיקים זייער גרים ניט אַרונטערגעריסן,
צו טרויערן אויף די מיליאָנען,
וואָס מען האָט אויף טויט פֿאַרשמיסן.
די פֿייערדיקע אויוונס פֿון מאַידאַנעק
האָבן ניט צעגליט זייער פּראָסטיק געמיט,
און ניט אָנגעצונדן זייער געווויסן...
זיי זענען פֿאַרבליבן די גרימירטע צדיקים,
וואָס האָבן גרויס פֿאַרגעניגן
צו שפּילן די קאָמעדיע:
פֿון כבוד, רשעות און ליגן — — —

# טאַלאַנטן

אין זייער מיט בין איך עלנט פֿאַרבליבן.
כאָטש איך האָב ווענגן זיי האַרציק געשריבן —
האָבן זיי מיך פֿאַררכילותט און פֿאַרלוימדט.
געבלבולט האָבן די וואָס איך האָב איבער
אַלעמען געוואָלט גרויסן.
וואָס זענען זיי געווען אויסן ?
צו דערשטיקן דאָס צאַרטע אמתל
וואָס פֿלאַטערט ווי אַ ליכט אין ווינט
און איז עלנט און שוואַך ווי אַ פֿאַרלאָזן
קינד.
די גרויסע טאַלאַנטן און קליינע מענטשן...
האָבן דאָס אמתל ניט געקענט פֿאַרטראָגן,
האָבן זיי דעם וועכטער פֿון געווּסן געוואָלט
פֿאַריאָגן.
און צוליב דעם עלנט אמתל וואָס איך
האָב מיט מיינע אָרעמע כוחות
געוואָלט אָפּהיטן — האָט מען מיין פֿרייד
אויף צער פֿאַרביטן.

# זינדיקע כהנים

איר וואָס האָט אַנדערע געטאָן קרוינען,
ווייסט איר, אַז אַליין זענט איר פֿונעם אמת
ניט געקרוינט ?
באַלד זענען שוין אַלע געבליבן קרוינלאָז...
נאַקעט גלאַנצן אייערע פּליכעס ווי פֿעלזן
אין דער מדבר.
ווי די קעניגען וואָס האָבן אַליין פֿאַרראַטן
זייערע לענדער — אַזוי זענט איר געווען
די שענדער פֿון אַלץ, וואָס איר האָט
געדרשנט פֿאַר הייליק.
וואָס וועלן זאָגן ווענגן אייך
די דורות שפּעטער ?
געווען אַ דור פֿון זעלבסט־פֿאַררעטער.

# מיין פּאָטער הירש וואָלף

שוין יאָרן־לאַנג ווי דו ביסט פון מיר
אָפּגעשיידט און רוסט ערגעץ אין קבר
פון דער צייט — —ביסט אַזוי דערווייטערט,
אַז מיין זכרון קאָן מער דיין געשטאַלט נישט זען.

אַלע דיינע טעג אויף דער ערד ביסטו געווען
רואיק — אַרומגעגאַרטלט מיט גלויבן און באַוואָפנט
מיט בטחון: אַז ער וואָס באַשאַפט אַלץ וועט שוין
פירן, עס זאָל ווערן ווי ס'דאַרף צו זיין.
פירט ער טאַקע דער הימלישער פּאָטער דיינער:
איינגעפירט אויף דער ערד דעם גיהנום
און דעם גן עדן פאַררוקט ערגעץ אויפן הימל.
די ערד האָט ער איבערגעענטפערט צו די
פאַלשע פירער — וואָס ווילן כסדר פון שלעכט
מאַכן גוט... און צוליב דעם האַלטן זיי
אין איין פאַרגיסן מענטשלעך בלוט — —

דיינע קינדער וואָס זענען דורך דיר געקומען
אויף דער וועלט — זענען רואיק אַזוי ווי דו...
נאָר דיין בטחון האָט די צייט פון זיי שוין לאַנג
אויסגעוועפּט.
פונקט ווי דו האָבן זיי זיך ניט געראַנגלט
מיט די כוחות פון שקר און שלעכטס,
זייער רעדן איז כמעט ווי שווייגן — —
זייערע טעג זענען ווי לאַנגע שורות נולן —
וואָס צוזאַמען שטעלן זיי ניט צונויף קיין איינציקן
ציפער.

מיך האָסטו פון קינדווייז אָן געלאָזן אויף הפקר:
צווישן נויט, אומגליק, חורבן און רויב...
פון גרוים צער האָט זיך אין מיר צעפלאַקערט אַ
העליש פייער: אויסצוברענען דעם שקר פון דער

וועלט און צו באַלייכטן דעם אמת — —
דיין רז איז אין מיר געוואָרן אומרו...
וואָס פאַרצערט מיינע טעג און נעכט.
כ'שלאָג זיך קאָפּ אָן וואַנט איבערן עלנטן אמת —
אמת קענען פאַרשלייערטן שקר... וואָס ביידע
פירן זיי אומפאַרמיידלעך צום אייביקן טויט.
און די כוחות צאַנקען און די וויזיע איז פאַרנעפּלט.
די רשעות פון דער וועלט קלעמט דאָס האַרץ — —
און יעדער גלויבן איז מיטן חורבן געוואָרן צעשטערט.
און איך , דער וויניק גלויביקער צווישן
דיינע קינדער — וועל מיט הייליקע
אותיות פאַראייביקן דיין נאָמען...

# דאָס קליינע מענטשעלע

מיט גרויסע ווערטער
רייסט זיך צו דערגרייכן די העכסטע ערטער.
דאָס קליינע מענטשעלע שטייט אויפן גרויסן
מענטשנס קאָפּ... און קוקט אויף אַלעמען פון
אויבן אַראָפּ.
דאָס פּיצעלע קלאָגט זיך: זעט איך בין גרויס —
און צאָרנט ווי אַ וואָלף, ווען ער נעמט ניט אויס.
דאָס מענטשעלע איז מער מזלדיק ווי געראָטן —
שרעקט ער זיך פאַרן איינענעם שאָטן...
ס'וואַרפט שטיינער אויף אַנדערע
און וויל אַלץ אַריינכאַפּן וואָס גיכער —
ווייל ס'איז מיטן פאַרכאַפּטן אָרט ניט זיכער...
דאָס מענטשעלע איז ביטרע און וואָס־אין־קאָרט —
צו דורכשמוגלען אַ ליגן זאָגט עס אויך אַן אמת
וואָרט...
דאָס מענטשעלע קריכט באַרג אַרויף אויף אַ וועג
אַ פאַרדרייטן און מיינט עס ווערט גרויס —
דורך פאַרקלענערן אַ צווייטן — — —

# די הענדלער מיט מליצה

הייבט מען אויף דעם פֿאַרהאַנג,
וואָס פֿאַרהילט די מליצה־קינצלער,
זעט מען זיי ווינגן אַ ווינג מיט טויטע קינדער.
פֿרעגסטו: פֿאַר וואָס האָבן זיי נישט
קיין לעבעדיקע יורשים?
זענען זייערע קעשענעס פֿול מיט תירוצים:
— ווער ווייס וואָס איז לעבן און וואָס איז טויט?
ווער קאָן צונויפֿוועבן אַלע אַלע פֿעדעם פֿון אמת?
יעדער איינער כאַפּט אָן אַן איינציקן דרים
און מיינט ער האָט שוין דעם גאַנצן טעפּיך.
אָבער דער אמת איז אַ בוים מיט פֿרוכטבאַרע צווייגן,
ווער ס'קאָן שטייגן גענִיסט די פֿרוכט — —
נאָר ביי זיי אַ פֿרוכט פֿריש און פֿיין —
פֿאַלט באַלד אין זייער זומפּ אַריין — —
צו וואָס טויג זייער הויכער מליצה־טורעם,
אַז צו אים דערהייבט זיך בלויז אַ וויכער פֿון שטויב?
אַ וואָרט איז ביי זיי נישט קיין וואָרט —
נאָר אַ ווענטקע עפּעס צו כאַפּן — —
אַ לעבעדיקער פֿאַקט ווערט ביי זיי אַ מת
אין איין מעת־לעת — —
זיי לערנען די גאַנצע וועלט —
גיבן אַלעמען צו פֿאַרשטיין...
נאָר נישט זיך אַליין — — —
אַ פֿראַזע הענגט ביי זיי אויף אַ תליה פֿון אַ פֿראַזע.
אַ סימבאָל שפּינט אַ סימבאָל — פֿון סימבאָלן געוועבט
אַ גאַנץ הויז... נאָר וואוינען וואוינט דאָרט
אַפֿילו נישט קיין מויז.
צום גאָלדענעם קאַלב דינען זיי מיט חכמה און וויסן —
ווי ביי כונבוזן איז אַטראָפֿירט זייער געוויסן...
זיי ווילן בעסער זיין רייך ווי גערעכט — —
און טייטלען מיט די פֿינגער: יענער איז שלעכט.
זייער געדאַנק איז תמיד אין קריג מיט זייער האַרץ.
גלויבן זיי אין זייער אייגן וואָרט... פֿאַר וואָס
טוען זיי פֿאַרקערט?

דאָס פֿאַלשע וואָרט איז אַ שליח פֿון דער שווערד.
דערפֿאַר איז מיט בלוט באַפֿלעקט די ערד — — —
טויזנטער ווערטער ווערן ביי זיי טענלעך געבוירן,
אָבער זיי שטאַרבן בלינד ווי זינד —
בלייבן ליגן ווי מתים און פֿוילן — —
וואָס איז אָן גייסט מוז פֿאַרפֿוילן...
דורות האָבן גענערט דאָס יידישע וואָרט מיט בלוט
זיי פֿלייצן מיט טייכן טינט... און פֿון זייער קול
וערט בלויז ווינט — — —
ווי קאָן מען פֿלאַנצן גוטסקייט אין אַ צווייטן —
אַז דאָס אייגענע האַרץ איז וויסט און ליער...
און צו זיין אַ מענטש צו מענטשן איז אַזוי שווער — —
זייערע מעשים פֿאַרראַטן וואָס זיי זינגען און זאָגן.
קיינער גלויבט זיי ניט אפֿילו ווען זיי קלאָגן...
זיי האָבן קיין באַצי צו דעם וואָס אַנדערע זינגען און זאָגן.
שטאַרבט אַ קאָלעגע — רינען פֿרום און פֿריי זייערע טרערן,
נאָר איידער זיי ווישן זיך אוים די אויגן,
שטופּן זיי שוין אַן אַנדערן נענטער צום קבר — — —
אָ, די מליצה־הענדלער! אויף אַ טומלדיקן יאַריד,
וואו פֿאַרן נאָלד פֿון האַרץ האָט מען פֿאַרקויפֿט
געשמינקטן יוקס, גענאַרט מיט געפֿעלשטער שפּייז —
ביז פֿאַרדאַרט איז געוואָרן דאָס פֿאָלק...
פֿונעם קינד ביזן גרייז — — —
נאָר באַלד וועט דער האַנדל מיטן יידישן וואָרט אויפֿהערן
פֿון זייער הפקר־מאַרק וועט אַ מדבר ווערן — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
וואָס וועט פֿון זיי פֿאַרבלייבן? פֿון זייער דאַכטן
און זייער שרייבן? בלויז פֿאַרפֿלעקטע פּאַפּירן,
וואָס קיינער וועט זיך קיין מאָל צו זיי זיך צו רירן...
די מליצה ־ שאַבער ־ מאַבער האָבן געזייט ווינט —
איז אויסגעוואָקסן דערנער... ווען זיי האָבן געהאַט מאַכט,
איז אויף זייערע קופּערנע שטערנס אויסגעוואָקסן הערנער.
די הערנער האָבן צווישן זיי און פֿאָלק געשאַפֿן אַ מחיצה—
וואַכן איצט אָן אַ חלום... די מאַניקער פֿון בלענדיקער מליצה.

# מיט אונדזער בלוט

דאָרט ווי ס׳לייכט די זון פֿון אונדזער זיין —
דאָרט איז פֿאַרגאָסן אונדזער בלוט.
פֿאַר דורות האָט דאָס מאַרטירער־פֿאָלק
ניט אַרויסגעוויזן אַזאַ העלדן־מוט.

צוויי טויזנט יאָר געבוינגן אונדזערע קעפּ,
און די וועלט האָט באַלוינט דאָס מאַרטירער־פֿאָלק
מיט וואָס אַמאָל אַלץ גרעסערע קלעפּ — —

נאָר דאָס וועלט־ראָד האָט זיך געטאָן אַ דריי
און געצוואונגען מיר זאָלן זיך שטעלן
אַזוי ווי זיי... און די וועלט האָט אונדז
ערשט דערהערט: ווען מיר האָבן געמאָנט
בלוט פֿאַר בלוט און געשטעלט שווערד
קעגן שווערד — —
זיי האָט ניט געהאָלפֿן זייער שקר־געשריי —
מיר האָבן אויסגעבלוטיקט דאָס רעכט
אויף צו לעבן און צו לעבן פֿריי — —

אויף דער זעלבער ערד וואו די נביאים
האָבן גערופֿן צו הייליקייט און רעכט —
איז אונדזער גורל געוואָרן אויסגעפּעבט.

און אויב מיר וועלן אויך זינדיקן קעגן מענטש
און רעכט — זאָלן אונדז דערמאָנען די מיליאָנען
מאַרטירער...
מיר זאָלן ביי זיך אַליין נישט ווערן קיין קנעכט.

# די פאַרפרעמדטע

זיי קומען צו אונדז מיט אַ פרעמדער קרוין
פון כבוד... און ווילן אונדז מהנה זיין
מיט אַ פאַרפוצטן יום־טוב.
דעקן זיי טישן מיט טייערע טישטוכער,
סערווירן גאָלדענע גאָפּל און מעסער,
באַלייכטן מיט זייערע בליץ־לאָמפּן —
נאָר זייער שפּייז האָט ניט קיין יידישן טעם.
און די זמירות וואָס זיי זינגען
טויט קלינגען ווי דאָס געזאַנג אין קלויסטער.
און די איבערגעזעצטע תורה
וואָס זיי פּריידיקן פאַר אונדז...
דערמאָנט אין דער ליטעראַ־תורה
פון גלחים — —
תמיד הייבן זיי אָן פון אלף בית
און קומען קיין מאָל ניט
צום תוך פון ת — — —
תורה.

# אויסצאַנק

מיר וועלן באַלד נישט האָבן מיט וועמען
צו פּלאַנצו און צו בויען. דער נייער דור
וויל אונדזער מאָרגן נישט געטרויען...
ווי פייגל פליען אַוועק פון אַ קאַלטן לאַנד,
אַזוי פאַרלאָזן אונדזערע קינדער אונדזערע נעסטן.
פרעמדע טענער אין דער לופטן קלינגען
און דערגרייכן אונדזערע מידע אויערן.
באַלד וועלן מיר נישט האָבן צו וועמען
צו רעדן און צו זינגען — — עס שרעקט
דער טאָג — ווען די פוסטקייט ביי אונדז
וועט ווערן אַזוי גרויס... אַז מיר וועלן
מוזן שווייגן ביי זיך אַליין אין הויז — — — —

# אין אַלע גאַסן

בין אויסגעפּאָרן לענדער און שטעט,
זיך צו געהערט צום ליד וואָס מען זינגט
און צום וואָרט וואָס מען רעדט:
נאָר אין יעדן לאַנד און אויף יעדן אָרט,
ווערט פֿאַרשטויסן אונדזער וואָרט...
ווײַל איך די פֿאַרשטויסער ניט מוסרן,
אויף אונדזער מזל זיך נישט באַקלאָגן,
נאָר אונדזער עלנד וואָרט
אין דער אייביקייט אַרײַנזאָגן — — —

# אַ געבעט פֿאַר אַ ליכטיקן דור

אונדזער דור איז באַנקראָט.
די פֿירער האָבן פֿאַרשטעלט יעדן וועג
צו וואונדער — אָנצושטאָפּן די קעשענעס
מיט גאָלדענעם שטויב.
וואָס האָט זיי געמאַכט זיך צו פֿאַרשטעלן
פֿאַר מענטשן, אַז זיי זענען קליין געגנוג
אַרײַנצוקריכן אין יעדן לעכל און דאָרטן
דינען צום גאָט: עס־באַצאָלט־זיך...
זייער לײַדנשאַפֿט איז צו זאַמלען אַ סך נולן.
מיט גאָלדענע צײַן עסן זיי אויף זייערע טעג
און יאָרן... און גייען אין קבר ערב שבת.
ווער וועט אָנצינדן די ליכט פֿון אמת?
אַז קיין פֿײַער קען נישט אויסברענען זייער שקר.
זאָל קומען אַ דור וואָס זאָל נישט וועלן עסן
כבוד מיט גאָלדענע לעפֿל — — און אויב שפּילן
זאָל ער זיך נישט פֿאַרשפּילן מיט מישן און טאַשן
פּוסטקייט... נאָר מיט ליבשאַפֿט אַרויסהייבן פֿון שטויב
אונדזערע הייליקע אותיות און זיי באַלײַכטן
מיט אַ נײַ ליכט.
אָמן.



די געהאָנגענע        פון שלמה ווזשקעוויץ

דער ליגן איז תמיד אויסגעפּוצט
אין דער שענסטער קרוין —
ער מאַכט דעם אמת פאַר אַ מת...
און קריגט דערפאַר דעם גרעסטן לוין.

## דער ערדישער גאָט

דער ליגן נעמט אָן אַ סך געשטאַלטן,
ווייל ער מוז זיך באַהאַלטן.
ער בלענדט מיט העלע פאַרבן
און האַלט אין איין פאַרדאַרבן.

דער שקר חלומט ווי אַ וואָלף
דעם געווױסן איינצובייסן
און דער וואָס קעמפט פאַרן אמת
אים וויל ער אינגאַנצן צערייסן.

## מאַכט...

ניט פאַרן אמת שעכט די שווערד —
נאָר פאַרן שקר,
וואָס געוועלטיקט אויף דער ערד.

אַ ביקס קען אַליין נישט שיסן,
עס שיסט מיט דער ביקס
אַ האַנט אָן אַ געוויסן.

ווער זענען וואָרע פאַררעטער?
יענע וואָס בענטשן
פריער — און שעכטן שפּעטער...

## מאָרד איז מאָרד

וואָס וויים אַ מענטש אויב ער ווייסט נישט,
אַז דעם צווייטנס לעבן ווי זיינס
איז הייליק און טייער ?

וואָס וויים אַ מענטש אויב ער ווייסט נישט,
אַז פאַרגיסן ברודער־בלוט איז פונקט אַזוי
ווי אונטערצינדן אַ חברס הויז
און זיך וואַרעמען ביי דעם פייער...

וואָס וויים אַ מענטש אויב ער ווייסט נישט,
אַז גוטהייסן מענטשן־שחיטה צוליב נויטן,
איז פונקט ווי אַליין צו העלפן טויטן — —

קיין אונטערשייד דער וואז, אָדער דער וואוהין,
ברוין, שוואַרץ, אָדער רויט — מאָרד מיינט:
אויף אייביק טויט — — —

## אונטערפירער

איך וויל נישט זיין קיין וועלט־דערלייזער —
איינרעדן אַ וועלט: איך וועל באַגליקן אַלע
מענטשן אויף דער ערד — און דערווייל אַרויסשיטן
מיינע קעגנער פון דער ליכטיקער וועלט.

איך וויל נישט זיין קיין פעלקער־פירער —
צוזאָגן די מאַסן דאָס רויטע טעלערל פון הימל
און דערווייל אויסנאַרן ביי זיי דעם געשמאַקן ביסן
דאָ, אויף דער ערד — —

איך וויל נישט זיין קיין גן עדן - פירער —
געבן וועקסלען אויף געפילטע לויתנס
פאַר די וואָס זענען נאָך נישט געבוירן...
און דערווייל פירן די לעבעדיקע צום ליקווידיר קבר...

## וועט איר דאָס גלויבן?

אין מיר איז איינגעקריצט די געשיכטע פֿון דער וועלט.
אין מיין האַרץ איז פֿאַרצייכנט ווי מענטש פייניקט מענטש
און באַרעכטיקט עם מיט „יושר און רחמנות" — —

איך האָב געליטן צוזאַמען מיט די שקלאַפֿן פֿון עגיפּטן,
אויף מיין לייב זענען נאָך נישט פֿאַרהיילט די וואונדן
וואָס די שקלאַפֿן־טרייבער האָבן איינגעשניטן מיט
זייערע בייטשן.

אויך מיך האָט מען געפּייניקט, פֿאַר וועלן
פֿאַרדאָאיקן גוטסקייט. אויף מיר האָט מען
אָנגערייצט ווילדע חיות ווי אין דער רוימישער אַרענע
צו רייסן שטיקער לעבעדיקערהייט.

אויך מיין גוף האָט פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון אינקוויזיציע,
ווען מען האָט מיך געפּייניקט מיט פייערן, וואָס
פֿאַרברענען נישט אויף טויט — —

די קוילן וואָס האָבן געשאָסן אין די קעפּ פֿון די
פֿאַרלוימדעטע מאַרטירער — זענען אויך דורך געפֿלוינן
דורך מיין מאַרך... און איבערגעלאָזן אייביקן וואונדן.

דאָס אַלץ האָבן געטאָן מענטשן — קלוגע מענטשן...
וועט איר דאָס גלויבן?

## סדום

זייערע ווערטער זענען רויט —
זייערע טאַטן זענען שוואַרץ,
זיי באַלוינען מיט טויט...
פֿאַר טראַכטן מיטן איינענעם שכל
און פילן מיט אַן ערלעך האַרץ.

## מיט אַן אויג אויף זיך

פריידיק נישט קיין פרעמדע אמתן —
באַפריי זיך בעסער אַליין.
פאַלג נישט בלינד קיין צוויטן,
ווען ער הייסט אויף אַ חבר
וואַרפן אַ שטיין.

ניט פאַרשוועך דיין האַנט מיט אַ שווערד,
ווייל אַלץ וואָס לעבט איז דורכן טויט
געהייליקט אויף דער ערד — — —

## פאַרראַט

אויב מלחמה האָט אַ זין — מאַכן די רייכע
פון דעם זין אַן אום־זין...
זיי זאַמלען דאָס פריש פאַרגאָסענע בלוט
און פאַרוואַנדלען עס אין גאָלד... שטאָפן אָן
זייערע זעק מיט פריש בלוטיק גאָלד — —

ווי עקלדיק איז מיר דעם מענטשנס אייביקער
פאַרראַט.
ווי דערווידער זענען מיר די פירער מיט זייערע
שיינע רייד — וואָס נאַרן און פאַרפירן צום טויט.
ווי מיד בין איך פון מענטשנס קלוגן לינן,
וואָס אונטער אים באַהאַלט זיך רויב און מאָרד.

דאָס איז נישט קיין ליד —
מען קען עס נישט זינגען...
נאָר ווען ערט ריטם און גראַם,
ווען די וועלט מיט פאַרגאָסן בלוט איז רויט
און גראַמט זיך בלויז מיט טויט — — —

# די געשיכטע פון ליגן

אַמאָל איז געווען אַ באַרג —
נאָר איידער דער באַרג איז געווען
איז אַן אָפּן פעלד געווען.
אָט ווי אַזוי דאָס איז געשען:
מערעשקעס האָבן געטראָגן זעמדעלעך
טאָג איין, טאָג אויס — נאָכאַנאַנד,
ביז פון די קליינינקע זעמדעלעך
אזי געוואָרן אַ באַרג פון זאַמד.

---

אַמאָל איז געווען אַ ליגן —
נאָר איידער דער ליגן איז געווען
איז אמת אויף דער וועלט געווען
און אָט ווי דער ליגן איז געשען:
מענטשעלעך ווי קאַרליקלעך די גרויס
האָבן טאָג איין, טאָג אויס,
געלייגט אַ חניפהלע אויף אַ שקרל,
אַ שווינדעלע אונטער אַ תירוצל,
מיט אַ רכילותל פון אַ לעקערל...
איינעם אַריינגענאַרט אין זאַק,
דורך איינרעדן אַ קונציקן שפּיצל,
אַ צווייטן אונטער זיין חברס פּלייצע —
צו נישט געמאַכט מיט אַ וויצל — —
דער האָט יענעם פאַרבילבולט,
יענער האָט זיין ברודערל גענאַרט —
כיטרע אַראָפּגעשטויסן פון וועג
און פאַרטיליקט מיט פאַרראַט — —
איינער האָט קלוג אונטערגעשטעלט אַ פּיסל,
אַ צווייטער האָט געלינגערט בלויז אַ ביסל,
אַ דריטער — צוליב אַ גאַנצן שקר —
געזאָגט בלויז אַ האַלב אמתל — —
דאָרט צוגעזאָגט און ניט געקומען,
דאָ אויסגענאַרט און פאַרנומען,
געשווינדלט וויפיל מען האָט געקענט
און פאַרגלעט מיט גלאַטע הענט.

דעם גאַנצן לעבן פּאַרש געפירט,
יענע באַגזלט, די באַעוולט,
דעם אינטריגירט, יענעם פאַרפירט,
דאָרט פאַרוואונדעט, דאָ פאַרשמירט...
אונטער אַ הייליקער מאַסקע,
דער רשע פון חשבון אַנטלויפט,
דעם ווייטן קויפט ער אונטער,
דעם נאָענטן — פאַרקויפט.
ער פּריידיקט שיינע פראַזן,
ווי אַזוי די גאַנצע וועלט צו דערלייזן,
קאָקעטירט מיט הויכן אידעאַל —
און לעבט ווי אַ קאַניבאַל — —
טייל האָבן געשקרט מיט חכמה,
אַנדערע גענאַרט מיט גלויבן,
און אויפן חשבון פון צווייטן
האָט מען זיך אַליין דערהויבן...
די וועלט מיט טינט און פעדער פאַרבלענדט,
די נשמה אין געהיים געשענדט...
אויפן ליגן מיליאָנען פאַרשווענדט —
אַבי צו האַלטן די מאַסן געפּענט — —
און די קלוגע פלינקע לעקער, די געלערנטע פיינע שמעקער,
די מוסרים — פאַרקויפטע שקלאַפן — האָבן נאָכגעטאָן ווי די אַפן...
זייער וואָרט איז געוואָרן געווער די וועלט צו באַטריגן —
אַבי פאַר די גאָלדענע ציין אַ פעטן ביין צוקריגן — —

דעם געווינסן אָנגעטאָן אַ דערנער־קרוין,
דעם איך באַשפּיגן אויף אַ הויכן אָרט,
און פאַר פּעקל כבוד מיט אַ זעקל לוין
געקרייציקט דאָס ערלעכע וואָרט.
מיט צוזאָגעריי די מאַסן מושטירט,
גענאַרט יעדעם מאָל מיט אַ נייער תורה,
זיך אַליין ברייט און רייך רעקלאַמירט —
און פאַרקויפט דערלייזונג ווי אַ סחורה...

אַזוי איז דער ליגן אַלץ העכער געשטיגן,
טאָג איין, טאָג אוים —
ביז ער איז אויסגעוואָקסן
ווי אַ באַרג די גרוים — — —

## צו די באַפרייער

אָ, איר פֿון דער צייט היפּנאָטיזירטע —
ווער האָט אייך פֿאַר באַפֿרייער געמאַכט?
איר, וואָס ווילט ליכטיקן מיט דער פֿינצטער
פֿון דער נאַכט.
אייער צוזאָגן שפּילט איר אויס
אויף דער בינע וואָס הייסט: מאָרגן.
די פֿרייד רייט ביי אייך אויפֿן פֿוילן פֿערד
וואָס הייסט: שפּעטער...
און די וואָס ווילן ניט נאָכגיין אייערע טריט
פֿאַרבילבולט איר פֿאַר פֿאַררעטער...
האָט איר פֿאַרהוילט דעם וויי
פֿון איין איינציק מענטשלעך האַרץ?
פֿיל, צו פֿיל שווינגט אייער בייטש פֿון שטראָף
און צו דער אָרגיע פֿון בלוט נעמט ניט קיין סוף.
נאָר אויפֿן זיינער פֿון דער וועלט
רוקן זיך די ווייזערם — —
און זיי ווייזן דורך בלוט און טרערן:
אַז איר, וואָס פּויקט און שרייט
צו באַפֿרייען די גאַנצע וועלט —
דאַרפֿט פֿריער אַליין ווערן באַפֿרייט.

## קרעדאָ

מיינע פֿריינד פֿרעגן:
וואוהין פֿירן דיינע וויטע וועגן?
פֿירן זיי נישט צו נאַכט און טויט?
דערגייין צום שאָטן פֿון דער נאַכט
איז אַן אויסוועג... איך האָב קיין אויסוועג נישט.
טויט מיינט דערלייזן — —
און איך האַלט נישט פֿון דערלייזעריי.
מיין וועג פֿירט מענטשן בלויז
צו אַ ביסל ערלעכקייט...
וואָס מען מוז אַזוי מוראדיק האָבן
בכדי דאָס לעבן זאָל נישט פֿוילן — — —

## שיידונג

זי האָט קאַלט געזאָגט: איך פֿאָר היינט אַוועק.
איר פּנים האָט פֿאַרבאָרגן אַ פֿרעמד ווייטן חלום.
אין די בוואַליעס פֿון אירע האָר האָט געפּלאַטערט
מיין בענקשאַפֿט.

האָב געוואָלט אָנכאַפּן איר האַנט און קיין מאָל מער
ניט אָפּלאָזן — —נאָר איר צונג איז געוואָרן אַ שלאַנג
און מיין נשמה שיכור פֿון גיפֿט...

שטיקער פֿון מיין איך האָט זי מיטגענומען מיט זיך.
פֿאַרבליבן ביי מיינע פֿיס איז בלויז קאַלטער אַש.

ציטערדיקע ווערטער האָבן געבעטן:
לאָז פֿון דיין מויל כאָטש הערן אַ צאַרטן קלאַנג,
אַ נאָכקלאַנג־געזאַנג פֿון אַמאָל — —
נאָר זי האָט געענטפֿערט מיט אַ בליק שטאָלץ
און פֿאַרשייט
און פֿלינק איר שיינעם קאָפּ אַוועקגעדרייט — — — —

## נאָכוויי

שוין לאַנג ווי די האַנט פֿון צייט
האָט האַרץ פֿון האַרץ צעשיידט,
דאָך גייסטו מיר נאָך ווי דער טויט
און דיין רשעות איז מיין טעגלעך ברויט —
כאָטש די ליבע איז שוין טויט.

דער פֿיבער פֿון פּיין איז אָפּגעקילט,
אויך דער האַס איז שוין איינגעשטילט,
בלויז אין האַרץ אַ חשבון פֿאַרבלייבט...
נאָר דאָס פּנים פֿון חרפּה איז רויט —
כאָטש די ליבע איז שוין טויט.

## אָנדענק

שוין יאָרן און יאָרן
ווי דיין אָנדענק איז בלאַס,
ס'צאַנקט נאָר אין זכרון
דיין משוגענער האַס.

איך געדענק ניט די צייט,
איך געדענק ניט דאָס אָרט,
קיין זכר פֿון דיינס
אַן אײנציק קלוג וואָרט.

וואָס פֿאָרט איז פֿאַרבליבן,
וואָס דאָס האַרץ האָט פֿאַרשריבן
און איז ווערט צו געדענקען ?
יאָ, האָסט מיר אַמאָל פֿאַרטרויט :
דו פֿלעגסט נאָך מיר בענקען...

## זיי שמייכלען אַזוי זיס...

וועט עמיץ פֿרעגן :
ווער האָט פֿאַרצערט זיין האַרץ ?
זאָג : די גוטע וועלט־באַפֿרייער,
וואָס האָבן פֿון טאָג געמאַכט נאַכט
און רויט פֿאַרביטן אויף שוואַרץ.

וועט עמיץ פֿרעגן :
ווער האָט פֿאַרקירצט זיין זיין ?
זאָג : די וואָס האָט געגעבן
זיין לעבן די זיסטע פֿרייד
און אויך די ביטערסטע פּיין.

## גלויבן

אמונה האָט געבליט
ווען כ'האָב אויף זיך
געפילט דיין צערטלעכן בליק,
מיין האַרץ האָט אויסגעשווינגן
אַ תפילה פון עקסטאַז און גליק.

האָסטו מיך פאַרפייניקט
מיט פאַלשקייט און שפּאָט,
האָב איך פאַרגעסן אַז פאַראַן
פרייד אויף דער וועלט —
פרעמד איז מיר געוואָרן גאָט.

## זאָג איר

פריי נאָך דזשיאַ קאָמאָ

אַז דו וועסט זי טרעפן, זאָג איר:
איך האַלט זי פאַרן אומזין פון דער וועלט,
ווען אַ שטיין וואָלט געהאַט אַ שפּראַך
וואָלט ער פאַר מיר גערעדט.
ניין, זאָג איר ניט אַזוי —
זאָג איר: זי איז די מערדערן פון מיין לעבן.
זי האָט פאַרברענט מיין האַרץ און מיך געלאָזן
מיטן אַש.
ניין, זאָג איר ניט דאָס.
דערצייל איר: איך בין קראַנק,
מיין האַרץ איז אַ פאַקל וואָס ברענט
פוןביידע זייטן...
מיין בענקשאַפט איז געמישט מיט סם.
ניין, דאָס זאָג איר אויך ניט.
זאָג איר בלויז:
איך וויל זי נאָך איין מאָל זען — — —

## בענקשאַפט

דאָס גאַנצע לעבן האָב איך געשריבן
צו דיר פֿאַרבענקטע ווערטער —
נאָר דו האָסט זיך צו זיי ניט צוגעהערט.
די האַנט וואָס האָט זיי געשריבן
ווערט מיט יעדן טאָג מיד און מידער
און וועט באַלד אַרונטערפֿאַלן — — —
ווער וועט וויסן פֿון דעם חלום
פֿון מיר צו דיר?

## גענאַרט

זינט דו ביסט פֿון מיר אַוועק,
האָט מיין האַרץ זיך אין עלנט פֿאַרשפּאַרט
און טאָג ווי נאַכט זיך אַליין גענאַרט.
מיד פֿון געראַנגל מיט זיך אַליין
האָט מיין האַרץ פֿאַרגעסן:
צי צאַנקט עס אויס פֿון לייד,
צי גייט עס אויס פֿון פֿרייד.
ניין, עס שטאַרבט פֿון שטילן צער...
אפֿשר איז דאָס נאָר געווען אַ גליק?..
וואָס ווייס אַ האַרץ אַ נאַר?

## זיג־זאַגן

דו זאָגסט: אַ פֿרוי איז אַ שוועסטער און אַ מאַמע.
ניין, אַ פֿרוי ברענט מיט בייזע פֿלאַמען.
דו זאָגסט: אַ פֿרוי איז דאָך איידל און צאַרט.
ניין, אַ פֿרוי איז ביטרע און איינגעשפּאַרט.
דו זאָגסט: אַ פֿרוי איז ערלעך און טריי.
ניין, אַ פֿרוי איז אויך קלוג מיט נאַרעריי.
דו זאָגסט: אַ פֿרוי איז דאָך רייצנד און ליב.
ניין, אַ פֿרוי מאַכט אַמאָל דיין לעבן שווער און טריב.

צו ביטער דער אמת?
פֿאַרגיב, פֿאַרגיב — — —

# פלאָנטער

ער האָט אויספּרובירט אַלע ווערטער,
האָט יעדעס וואָרט געפירט צו באַנקראָט,
זי האָט אים געפּייניקט מיט שווייגן,
אים — איר אַמאָליקן גאָט.

ער האָט שווייגן ניט געקענט,
געפירט מלחמה מיט איר און מיט זיך אַליין.
פאַר וואָס ער איז געוואָרן איר שאָטן —
קאָן ער ניט פאַרשטיין — — —

# נעכט

אין אָנהייב אַ געזאַנג.
דערנאָך — אָ, וואַנזיניק בלוט.
זי האָט זיך אַרומגעוויקלט אַרום מיר
ווי אַ קלעטער־פלאַנץ אַרום אַ בוים
און ווי אין אַ טרוים גענומען טאַנצן
מיט מיר דעם שלאַנגען־טאַנץ.
די צווייטע נאַכט האָט זי געבראַכט
אין אויסגעשטרעקטע הענט —
קוילן וואָס האָבן געברענט — —
— וואַרף זיי אַוועק — זיי בריען מיך פון דיר.
— ווי קען איך ? אַז זיי ברענען אין מיר.
זי האָט זיך אָנגעצונדן אין גאַנצן
און דעם פייער־טאַנץ גענומען טאַנצן.
די לעצטע נאַכט האָט זי געבראַכט
אַ שווערד — מיר צוגעוואָרפן אַ בלומען־קראַנץ
און גענומען טאַנצן דעם שווערדן־טאַנץ.
די נאַכט איז אַוועק אין געראַנגל און שרעק —
ווען דער מאָרגן איז געקומען,
האָט אַ שלאַנג מיין האַרץ אַרומגענומען...
זי איז געלעגן ווי אַש אויף דער ערד —
און נעבן מיר אַ פאַרבלוטיקטע שווערד...

## איבערגעביטן

מען האָט איינעם געפֿונען
מיט טיפֿע וואונדן.
קיינער האָט ניט געוואוסט
ווער ער איז.
מען האָט ביי אים געפֿונען אַ בריוו
אונטערגעשריבן פֿון אַ פֿרוי,
וואָס לייענט זיך אַזוי:
מיר האָבן זיך געהאַט געביטן
מיט אונדזערע הערצער...
דערפֿאַר זענען מיר געוואָרן נאָענט...
אַזוי איז געווען — איצט טראָג איך
דיין האַרץ ווי אַ לאַסט...
לאָמיר זיך צוריק ביטן.
קער מיר אום מיין האַרץ
און מיר וועלן בלייבן פֿון וויטן
ווי פֿרעמדע.
די צייט האָט זיינע וואונדן פֿאַרהיילט.
נאָר זיין האַרץ, וואָס זי האָט געקושט,
איז פֿאַרבליבן אַן אייביקע וואונד.

## אין דער שטיל

פֿון האַרץ דאָס געוויין
ווערט פֿון קיינעם נישט געהערט,
קלאָגט עס פֿאַר זיך אַליין
אין שטומער שטיל.
נאָר איז עמיצן גליק באַשערט,
שטאַרבט עס יונג פֿון אַ קויל,
אָדער אַ שווערד.
זעלטן לעבט אַ האַרץ לאַנג
מיט טיף געפֿיל —
און זעלטן קריגט עס וואָס עס וויל...
צאַנקט אוים דער מענטש
פֿון ליידן צו פֿיל אין דער שטיל.

# אויף אַלע וועגן

א

אויף אַלע וועגן דיין שאָטן,
וואָס האָט באַדאַרפט צו זיין ליכט,
אין טייוול ביסטו געראָטן.
דאָך געטלעך איז דיין געזיכט.

ב

דיר תמיד נאָכגעגאַנגען,
ווי אַ קינד גייט נאָך אַ מאַמען,
ווי אַ שאָטן געוואָלט דיך באַגלייטן.
כאָטש אין חלום זיין צוזאַמען.

ג

דו ביסט צו מיר געקומען
און מיר אַלץ אַוועקגעגעבן,
נאָר דו האָסט צוגענומען
די שטילע פרייד פון מיין לעבן.

ד

ווערטער ווי וואונדן
בלוטן אין מיר —
ברענען... געצונדן
דורך דיר —
דורך דיר — — —

# אויפן ראַנד

די מאָראַל וואָס מענטשן פריידיקן
וועט דיר געבן גערעכט —
אויך די לאָגיק וועט זאָגן:
ער איז צו זיך אַליין געווען שלעכט.

נאָר דאָס האַרץ — דאָס עלנטע האַרץ —
וואָס דו האָסט געמאַכט אַזוי פיל צו קלעמען,
וועט זאָגן: יאָ, דו ביסט גערעכט,
נעם אַ חלף און שעכט — — —

## צום אָנדענק
## דעם דיכטער חיים קרול

ווער איז אַזוי הייליק,
זיך צו קימערן פֿאַר אַ צווייטן ?
אַז יעדער איז פֿאַרשיכורט פֿון זיך אַליין
און וויל זיין אייגנעם שאָטן אויסשפּרייטן.

אַז ער האָט זי הייליק געליבט
און דורך איר אַזוי פֿיל געליטן —
דאָס האָט איר אַ האָר ניט געאַרט...
מיט אַ גרינג האַרץ האָט זי אים
אויף אַ צווייטן פֿאַרביטן
און געקוואָלן, וואָס זי האָט דעם נאַר
גענאַרט.
און ער, פֿאַרליבט, פֿאַרבענקט פֿון ווייט,
האָט אויסגעצאַנקט פֿאַר דער צייט...
און אין עקסטאַז פֿון גייסט,
מיט שיינע ווערטער זיך געטרייסט.
און זי — אפילו אַ רגע ניט מיטגעפילט זיין לייד,
נאָר זיך גאָר געפרייט, וואָס מיט איר רייץ
האָט זי אים דעם קאָפּ פֿאַרדרייט — — —
און ווען זי האָט אַמאָל פֿון אים געטראַכט,
האָט זי צו זיך אַליין געלאַכט...
שעלמיש און פֿאַרשייט — — —

## פריי נאָכן ענגלישן

אָ, די לײדן פֿון מענטשלעכן האַרץ —
ווען גאָט וואָלט זיי אויפֿגענומען,
וואָלט ער די גאַנצע וועלט איבערגעשאַפֿן.

ביים באַשאַפֿן דאָס מענטשלעכע האַרץ
האָט גאָטס האַנט אַ ציטער געטאָן.
ווען ס'איז געקומען צו דער ליבע —
איז ער אין גאַנצן צעמישט געוואָרן — — —

# נאָכגעמאַכט

מיין גאַנצע נשמה געוואָלט אין איר אַריינאָטעמען.
געהאָפט זי וועט אַמאָל זאָגן אַן איינן וואָרט — מאַכן
אַן אייגענע מינע... נאָר זי האָט אַלץ נאָכגעמאַכט —
נאָכגערעדט ווערטער און באַנאַלקייטן — — אפילו איר
שאָטן איז ניט געווען איר אייגענער...
זי איז געווען ווי אַ מאַריאָנעט — נאָר מיט
אייגענער ביטערקייט און פאַלשקייט — —
איר פרייד איז געווען אין נאַרן — איר האָט
ניט געקימערט קיין געפאַרן...
און פאַר איר האָב איך דאָס מיין בלוט פאַרגאָסן...
געלייגט מיין האַרץ אונטער אירע טריט — נאָר זי,
ווי עס אַרט איר ניט.
האָב איך פאַר איר געוויינט — האָט זי נאָר
געלאַכט. דאָס געלעכטער איז אויך געווען
נאָך וועמען נאָכגעמאַכט — —
איר פאַלשער געלעכטער האָט געררייצט מיין טרויער...
און דעם קרומען שמייכל אויף מיינע ליפּן
פאַרגליווערט אויף אייביק — — —

# די שטראָף וועט קומען

צו ש —

ס׳קומט דער טאָג פון חשבון,
דער משפט וועט זיין ביטער,
ווי דיין פאַלשקייט צו מיר.

די אויסגעבענקטע גערעכטיקייט
וועט ביי דיר מאָנען די רו
פון מיינע פיבערדיקע טעג און נעכט.

דיינע זינד וואָס דו האָסט געוואָרפן
אויף מיר ווי גיפטיקע שלאַנגען,
וועלן דיר צוריקשפרונגען אין פנים.

מיט דיינע טרערן וועסטו וואַשן די פלעקן
וואָס דו האָסט מיט גיפט
אויסגעברענט אין מיין האַרץ.

# מיין צווייטער שאָטן

— צ ש

ווען איך נעם איבערקלערן און זיך צוהערן
צו דער שטים פֿון מיין האַרץ — וואָס פֿירט
אַ חשבון פֿון איר געוואַרן, פֿון איר געמיינעם
מוט צו האָבן הנאה, ווען אַ לאָבוס פֿאַרגיסט
דעם פֿאַרליבטנס בלוט. און דאָס כיטרע רעדן
און סאַדיסטיש שווייגן — וואָס אפֿילו דער טייוול
וואָלט ניט קאָנען איבערשטייגן.
ווען איך נעם דערפֿון טראַכטן
שוידערט אין מיר אויף אַ גרויל —
פֿון אַלץ וואָס זי האָט געטאָן
און פֿאַרלייקנט מיטן מויל — —

און נאָט — כדי דער מענטשן־מין זאָל ניט
אונטערגיין, האָט אין מיין געראַנגל מיך געלאָזן
אַליין...
און איך — פֿאַרבלענדט און צעדרייט —
האָב געלאָזט זיך פֿירן ווי אַ הונט אויף
אַ קייט.
און איר געשטאַלט איבער מיר, ווי אַ שאָטן
אַ צווייטער... איז געוואָרן פֿאַר מיר מיין
שטענדיקער באַגלייטער — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַזוי האַלט איך אין איין קלערן — נעם זיך
און נאָט פֿאַרהערן: פֿאַר וואָס האָט ער אויף דער
מיסטעריעזער ערד, מיר באַשערט אַזאַ לויז זי־עלע
ווי אַ צעלאָזן קיעלע... וואָס אין איר גאַנץ לעבן —
האָט זי מער ווי מיסט ניט געגעבן — — —

## צו ש—

ווער זאָגט, אַז מען קען קיין בייז ניט פאַרגעסן ?
שוין לאַנג ווי איך האָב דיך אויסגעברענט פון האַרצן.
מיט דער צייט וועט דיך אויסשפייען אויך דער זכרון.
ניט פאַרגיין וועלן פיל יאָרן און דו וועסט זיין
אין גאַנצן פאַרגעסן — — די ווערים וואַרטן שוין
דיין זינדיק לייב אויפצופרעסן.
אויף דיין קבר וועלן וואַקסן גיפטיקע גראָזן.
זיי וועלן פאַרגיפטן אַלע וועלכע וועלן זיך
אָן זיי אָנרירן, אַזוי ווי דו האָסט מיך
פאַרגיפטעט — ווען כ'האָב זיך אָנגערירט
אָן דיר — — —

## דאַנטע

מיט הונדערטער יאָרן צוריק האָט זיך דאָס פאַרלאָפן,
מיטן גרויסן דיכטער דאַנטע האָט עס געטראָפן.
אַ וואונדער איז מיט אים געשען — ווען ער האָט
דאָס ערשטע מאָל זיין בעאַטריטשע דערזען.

נאָר צו זיין מיט איר באַהעפט איז אים ניט געווען
באַשערט. דער צופאַל האָט אים פון זיין פרייד פאַרטריבן,
האָט ער וועגן איר בלויז געחלומט און געשריבן.
און נישט ווייל מען האָט אים פון פלאָרענץ פאַרשיקט,
האָט זיך זיין צאָרן געצונדן און געגעבן אַ שפּראַך
זיינע וואונדן.
נישט ווייל ער האָט זיין „געטלעכע קאָמעדיע"
מיט אַנגסט געשריבן, איז זיין גוף געוואָרן דאַר —
נאָר דער צער וואָס בעאַטריטשע האָט פון אים
איר בליק אָפּגעקערט — דאָס האָט זיין פרייד פאַרשניטן
און זיין האַרץ פאַרצערט — —

זיין גוף איז איינגעגאַנגען און זיין נשמה
האָט זיך געהאַלטן קוים — ווייל זיין גאַנץ לעבן
האָט ער בלויז געלעבט אין טרוים — — —

# פרייד פון פרייהייט

שטיקער פון מיין לעבן האָב איך געריסן
און זיי אַוועקגעגעבן פאַר פרייהייט.
האָבן לייט געטאָן לאַכן:
וואָס דאַרף ער הוילע פרייהייט?
ווייס דען ווער וואָס פרייהייט איז
און וואָס מיט איר צו מאַכן?
האָב איך געענטפערט פרעגנדיק:
ווי אַזוי קען זיין פרייד אָן פרייהייט
צום שאַפן?
האָבן ציניקער ווידער געלאַכט:
וואָס פאַר אַ זין האָט היינט פרייד
און שאַפן —
ווען אַלע זענען פרייוויליק פון מאַמאָן
די שקלאַפן — —

האָב איך אויסגעלאַכט זייער געלעכטער
און מיין לייב און לעבן
פאַר פרייהייט אָפגעגעבן — — —

# פאַרפאָלגט

ווי בייזע שאָטנס גייען מיר נאָך
מיינע פאַרגאַנגענע טעג און נעכט.
אין מיין בלוט שרייט אַלץ וואָס איז געווען
ווילד און שלעכט.

דער באַשאַפער אַליין קאָן מיך פון דעם
וואָס איז געשען ניט באַפרייען...
אויך די קומענדיקע טעג און נעכט
קאָנען מיך ניט באַנייען — — —

געשמידט אין דער קייט פון אַנטוישונג
און זאָרגן —
ווערט מיין לעבן לאַנגזאַם צעריבן
צווישן די צוויי מילשטיינער:
נעכטן און מאָרגן.

## כ׳טראַכט אַמאָל

מיט אַלץ וואָס איך האָב געלערנט,
געזוכט און געשריבן, בין איך
פאַרבליבן אַ גאָרנישט — —
אַלע מיינע אויסגעוויטיקטע ווערטער,
וועלכע איך האָב גערעדט, פאַרצייכנט
און געוואָלט פאַראייביקן אין ביכער —
זענען אויך גאָרנישט מיט גאָרנישט...
מיט אַלע אידייען און אידעאַלן,
פאָר איך אויף אַ שיף — וואָס מען ווייסט ניט
צו וועלכן ברעג זי וועט פאַרפאָרן — —
דעם קאָמפּאַס האָבן פּיראַטן צוגערויבט.
קיינער ווייסט ניט ביי וועלכן פאָרט
די בלאָנדזשענדיקע שיף וועט פאַראַנקערן...
באַלד וועל איך זיך אויסמישן מיטן אייביקן
אַלץ — וואָס נאָך מיין זיין — וועט פאַר מיר ווערן
ווי אַן אומבאַגרייפלעכער גאָרנישט — — —
בלייבן וועט פון מיר בלויז אויף פּאַפּיר —
אַ שאָטן פון אַ מיסטעריעזן גאָרנישט — — — —

## אַ הימנע

בלויז איין לויב האָב איך —
נישט פאַר גאָט, נישט פאַר מענטש,
נאָר פאַר דער גוטער מאַמע נאַטור.

זי איז געטריי אירע קינדער,
זי היילט, זיי באַנייט און גיסט אין האַרצן
פרישע פרייד.

זאָל זי זיין געבענטשט וואָס זי האַלט
אַלץ אין איין באַנייען — — דעם שענסטן
לויב צו איר, וואָס זי קען אויך
באַפרייען...

# צום מענטש אין שפּיגל

ווער ביסטו וואָס קוקסט אַרוים צו מיר?
מיינסט איך ביר ענלעך צו דיר?
ביסט מיר אַזוי פרעמד ווי איך וואָלט
דיך קיין מאָל ניט געקענט — —
האָב איך דיך אַמאָל געזען אין חלום?
אַרום דיין קאָפּ איז געווען אַ קרוין פון ליכט.
איצט דערקען איך נישט דיין געזיכט.
וואָס איז מיט דיר אַזוינס געשען?

דיין הויט מיט אַזוי פיל קנייטשן און פאַרבן,
ווי איינער וואָס איז רייף צום שטאַרבן.
— איין קנייטש האָט איר רשעות מיר געמאַכט,
ווען זי האָט מיך ציניש אויסגעלאַכט.
נאָך אַ קנייטש, ווען איך האָב געטראַכט:
אויך איך אַליין ווער נישטיק און פאַרדאָרבן...
די קאַרבן זענען געוואָרן ווען מיינע קאָלעגן
האָבן דעם געווויסן געבראַכט פאַר אַ קרבן.

ווער האָט די וואונדן דיר געמאַכט?
—כ'בין לאַנג פאַר ערלעך־זיין געווען אין
שלאַכט...
מיט שדים געקריגט און תמיד האָבן זיי געזיגט.
אין צאָרן האָב איך זיך אויך צו וואָפן גענומען
און אין יעדן נייעם קריג נייע וואונדן באַקומען.
די זיגער האָבן מיין שאָטן צו אַ קרייץ צוגעבונדן
און מיך געלאָזן אַליין מיט אָפענע וואונדן — —

וואָס פלוידערסטו: געבונדן, וואונדן,
שלעכטע גראַמען — דערצייל דאָס
דיין מאַמען.
איך ביר דאָך בלויז דיין שאָטן —
וואָס איז אַ ביסל אין דיר געראָטן...

# געקריוודעט ווערט דער יחיד...

די אייביקייט האָט צייט —
זי וועט אַלץ באַזאָרגן אין דער ווייטער ווייט.
וואָס היינט זעט אוים קראַנק און קרום,
וועט אַמאָל ווערן געזונט און גלייך.
פֿאַרהיילן וועט זיך אַמאָל די וואונד פֿון אָרעם
און רייך.

דער יחיד האָט אָבער געציילטע טעגלעך,
גייט אַוועק אַ טאָגעלע, קומט עם קיין מאָל ניט
צוריק — —און דאָס אויסגעבענקטע גליק
אויף וועלכן ס'האַרץ האָט לאַנג געוואַרט —
האָט אויך אָפּגענאַרט — — —

# אַ בריוו

מיין פֿריינד שרייבט:
איך בין אויך אַזוי עלנט ווי דו.
די הענדלער מיטן וואָרט און געוויסן
קאָנען ניט זיין מיינע חברים.
און די יאָרן דערגייען די יאָרן.
אפֿשר ווייסטו אַ מיטל צו אַ גוטער עלטער?
אין אָוונט ווערט עמיץ אין מיר מיד און שווער.
אָבער מען טאָר זיך נישט אונטערגעבן צום יאוש.
דעם געדאַנק פֿון טויט דאַרף מען אַוועקטראַכטן — — —
אייביק דאַרף די האָפֿנונג לייכטן פֿאַרן מענטשן.
ווידער קומט דער פֿרילינג. ווידער וועט די זון
קושן די ערד און אַלץ וועט זיך אויפֿסנייי
צעבליען. און יעדע מינוט לעבן איז דאָך
אייביק — —

גרים מיר אַלעמען זומערדיק — אפֿילו מיינע
שונאים — — זיי וועלן נאָך אַמאָל אפֿשר ווערן
מיינע פֿריינד...

## שפעט ביינאַכט

איינזאַם אין דער נאַכט —
מיט זיך אַליין אין שלאַכט.
אין דרויסן וויגט דער ווינט אַ צווייג.
אויף דער וואַנט פלאַטערט פון אַ שאָטן אַ פליגל.
מיין צימער איז פול מיט אַליין — —
מיין בליק פאַלט אויפן שפיגל.
איך פרעג: ווער איז דאָרט,
וואָס שלעפט אויף זיך טויזנטער יאָר?
זיינע אויגן הימל־בלוי, לבנה־זילבער
זיינע האָר?
וואָס דערציילט זיין פאַרביסן מויל
אַזוי פיל גרויל?
— די אויגן תמיד צו דער זון געווענדט
זענען געוואָרן דערפון פאַרבלענדט.
געוואָרן גרוי און אַלט פאַר דער צייט,
ווייל געוואָלט דערנענטערן וואָס איז ווייט...
צום לעצט חלומט ער טאָג און נאַכט
ווי צו באַגעגענען די לעצטע שלאַכט...

## גערא̇נגל

אַ כוואַליע פון לעבן גייט אויף —
אַנטפלעקט זיך אַ קינד. אַ כוואַליע
פאַלט צוריק... און אַ וועלט פאַרשווינדט.
כוואַליעס בייסן זיך ווי וועלף —
רייסן זיך ווי הינט... ראַנגלען זיך
ווי לייבן, און גיפטן ווי שלאַנגען...
כוואַליעס קייכן ווי קינדער,
קושן זיך מיט שוים אויף די ליפן,
לאַכן פון טרויער און פרייד —
ביז דער שפיל פאַרגייט...
דער זכרון אַנט אַן אַלט פאַרגעסן ליד.
די צייט פאַרציט מיט אַ בלענדיקער הויט...
און דער ים פון לעבן פאַררוישט דעם טויט.

## מיין בעט

גרויס איז דער מדבר אין מיין בעט —
איך וואַרף זיך אויף אַלע זייטן —
און קאָן גאָרניט איבערבייטן — —

האַרט איז דער מדבר אין מיין בעט,
ווי איך וואָלט געלעגן אויף שטיינער —
אפילו צו חלום קומט ניט קיינער — — —

## ניי־מענטש

ווי קורץ דער שפּאַן פון אַן איינציקן לעבן!
עס ווערט אומשולדיק אַ מענטש געבוירן —
ניט אין דער בלינדער נאַכט אַ געשריי: אוי!
און ווערט אין דער אייביקייט פאַרלוירן.

ער האַלט אין איין זוכן נייע וועגן,
און מיט זיין גאַנצן וויסן בלייבט ער בלינד —
רעדט תמיד נאָר פון ליבשאַפט און טוגנד
און בלאָנדזשעט אין געהיים פון זינד צו זינד.

צופרידן איז מען אין יענע רגעס,
ווען מען קען זיך אַליין אָפּנאַרן — —
אָבער אויף יענער זייט פון לעבן
לויערן די אייביקע געפאַרן...

וואָס איז דער זין פון וועבן ליגנס
און פאַנגען אוצרות כיטרע ווי אַ שפּין?
אַז וואָס מען דערגרייכט מיטן שכל
ענדיקט זיך פאַר אונדז אויך אָן אַ זין...

בלייבט בלויז דעם אוצר פון האַרץ צו היטן,
דעם צוקונפטיקן דור צו בענטשן: ער זאָל
זיך רייפן פאַרן גרויסן זין פון לעבן...
צו באַשאַפן אַ נייעם מענטשן — — — —

# מײַן שאָטן

פרײַ נאָך ר. ל. סטיװענסאָן

איך האָב זיך הײַנט דערשראָקן פֿאַר מײַן שאָטן.
מיר האָט זיך געדאַכט ער איז אין מיר געראָטן,
נאָר מער צעקרימט און צעדרײט... (פֿון אים
האָב איך זיך נאָך קײנמאָל ניט באַפֿרײט).
אומעטום גײט ער מיט מיר מיט, און היט
מײַנע זינדיקע טריט... ער איז מיט מיר תמיד —
אַפֿילו װען איך זע אים ניט — —

אַמאָל װי אַ קאַרליק ציט ער זיך אײַן,
אַמאָל ציט ער זיך אױס און װערט ריזיק גרױס —
דעמאָלט װער איך נישטיק קלײן... און מײַן שאָטן
װערט דער גורל פֿון מײַן זײַן — —
אַמאָל שפּיאָנירט ער מיר נאָך פֿון דער נאָענט,
טײל מאָל פֿאַרפֿאָלגט ער מיך פֿון װײַטן — —
אַמאָל כאַפּט ער זיך אַרױף אױף מײַן פּלײצע,
װי ער װאָלט װעלן אױף מיר רײַטן — — —
אָפֿטמאָל פֿאַרשטעלט ער מיר דאָס געטלעכע ליכט...
און מאַכט נאָך די מינעס פֿון מײַן געזיכט —
װי ער װאָלט מיך װעלן פֿאַרבײַטן — — —
תמיד פֿאַרטונקלט ער מײַן עכטן איך...
פֿאַר גאָט און פֿאַר לײַטן — — —

# װעלט־װײ

די װעלט איז שלעכט און מענטשן נאַריש —
װאָס־זשע פֿאַרצערסטו אומזיסט דײַן האַרץ?
ס'איז דען דײַן װעלט?
דו האָסט זי דען באַשאַפֿן?
ס'איז דאָך גאָטס גרױס מײסטער־װערק.
ער טוט אײביק רעגירן —
און אפֿשר דורך שלעכטס װעט ער ערגעץ דערפֿירן...

# מיין באַגלייטער

די וואָס זעען מיין שאָטן מיינען זיי
קענען מיך — זיי ווייסן ניט, אַז מיין באַגלייטער
איז ניט איך.

זיי שאַצן מיינע מעשים לויט דעם שאָטנס
טונקעלע שטיק — — זיינע שפּילערייען
קומען צו מיר ווי שטראָף צוריק — —

די וואָס האָבן אים פיינט זענען אויך
קעגן מיר — דורך זיין טונקל געשטאַלט
איז פאַר מיר פאַרשטעלט יעדע טיר.

וואַרפט עמיץ אויף אים אַ שטיין,
טרעפט ער מיר אין האַרצן אַריין.
דורך אים איז מיין מזל געבונדן,
שלאָגט מען אים — קריג איך די וואונדן...

אַלע זעען בלויז דעם שאָטן־מענטש
און טייטלען אויף זיינע זינד — —
און איך — צו אים אַזוי נאָענט —
בין צו זיינע מעשים בלינד — — —

# לערן זיך פאַרגינען

מענטש ווי שווער דיר איז צו דערקענען
זיך אַליין.
נאָך שווערער דיר דיין חבר צו פאַרשטיין.
ביסט אַ רעגנבויגן פון חלומות, בענקשאַפט
און זינד,
אַ קינד, אַ גרייז, אַ גאָט —
— און בלינד...
אַ לייטער וואָס פירט פון ליבע צום טויט.
אַ שקלאַף פון אומרעכט, ליגן און נויט.
און דאָס ווייסטו גענוי:
אַז ביסט עפּעמעריש, ווי אַ טראָפּן טוי.
וועסט באַלד פאַרגיין —
און ליגן אין קבר אַליין...

## פראָבן

פריער אַ לאַנגער חלום —
שפּעטער אַ פיש, אַ פויגל,
אַ גרעזל און אַ בוים,
אַ דאָרן מיט אַ רויז—
אַ חיה מיט אַ טרוים...

און ווייטער: אַ הירש, אַ ציג,
אַ קאַץ מיט אַ מויז —
אַ לאַם, אַ לייב, אַ בין,
אַ שפּין מיט אַ פליג
און באַלד ברענט אַ קריג.

און ווייטער: פערד און אַפן,
אַ חיה שטעלט אַ נייעם טראַט,
אין די הענט ווילדע וואָפן —
און אין האַרצן די בענקשאַפט
פון אַ גאָט — — —

און ווידער און ווידער:
אַ בער, אַ מילב, אַ טויב —
אַ מענטשעלע אויף שפּאַט...
אייביקער שפּיל פון באַשאַפן:
האַלב־חיה און האַלב־גאָט...

## צירונג...

גרויזאַם איז דער מענטש צום שטומען לעבן.
אפילו וואָס אים איז ליב און גערן האַלט ער אויך
אין איין צעשטערן. זיך צו באַצירן רייסט ער
פון שטאַם די צאַרטע בלום — נישט קלערנדיק,
אַז דערפון לאָזט זיך אוים איר לעבן — —
אפשר וויל די בלום זיך ווינן שטיל אויפן שטאַם
און סתם לעבן, אָן געוואַלד, אָן צאָרן... און אויב
פאַרוויאַנען — איז צוזאַמען מיטן דאָרן — — — —

# ניו־יאָרק

די קייט פֿון שטעט: מאַנהעטן, ברוקלין,
בראָנקס, און קווינס. די שטאָט, וואו פֿאַר די
אויגן וואַקסן אוים נייע שטעט.
ניו־יאָרק, די שטאָט, וואָס איז געוואָרן
די גרעסטע אַנטאַלאָגיע פֿון אַלע לענדער
און שטעט.
שטאָט, וואו די נשמה פֿילט זיך ווי אויף
אַ וואַנזיניקן יאַריד — וואו מיליאָנען זינגען
און באַשאַפֿן ניט קיין וואונדער־ליד — —
שטאָט, פֿון וואַנען מענטשן אַנטלויפֿן און
קומען דאָך צוריק — זוכנדיק דאָס אַנטלויפֿנדיקע
גליק... שטאָט, וואו מיליאָנען זענען טויב
און בלינד צו זייער אייגענע זינד — —
ניו־יאָרק — דו פֿיבערדיקערווירבל —
פֿון דעם אומרו פֿון דער וועלט — — —

# אין שטאָטישן מדבר

ווי איך גיי דאָס אַרום אין אַ שטאָט,
וואָס איז אַ מדבר... צווישן קלאָרע,
וואָס זענען משוגע פֿאַרן געץ: מ ע ר...
און זייער וועלט איז אַזוי שווער
און זינלאָז ווי אַן עלנטער נול.
זיי זענען אַזוי אָרעם־רייך,
אַז זיי האָבן קיין זין פֿאַר אַ ציל
און פּוסט און נאַריש איז זייער
קלינגסטער שפּיל...
גיי איך אַרום און קלער:
אַז אַ חוץ דעם ליגן —
דאַרף מען דאָ ניט מער — — —

## לאַמטערן ביי טאָג...

ווער ס'קען אַליין טראַכטן, וועט דאָס באַנעמען, —
באַנעמען: ער וועט אויפן וואָרט ניט טרויען...
און אפשר נאָך זיין לעבן איבערבויען.
נאָר דער, וואָס זעט ניט איין אַליין,
אים וועט ניט העלפן געבן צו פאַרשטיין.

ווער ס'האָט אַ זעלבסטשטענדיקן ווילן,
וועט קוקן אויף דער וועלט אָן ברילן,
וועט ער ווערן אַ באַפרייטער — אַ באַנייטער,
וועט ער היטן זיך אויף ווייטער פון זיי:
וואָס די וועלט האַלט פאַר גוט און גרויס,
נאָר קיין גוטס קומט פון זייער גרויסקייט ניט אַרויס...
ווייל עס ליינט די וועלט אַ פאַלשן זינגל —
ס'קאָן ניט אָפשפיגלען זיך אַליין אַ שפיגל...

און וואָס אַנדערע גלויבן און האָבן בלינד דערהויבן,
וועט תמיד ווערן באַוואַכט פון זיין פאַרדאַכט...
נאָר ווינן, וואָס לייכט אויף דורך ליידן,
און ווערט פריי פון מורא —
וועט ווערן זיין אינטימע תורה...

## גורל

ווער עס האָט זיך אויסגעבעט
אויף ווייכן פוך,
ווער סע ליגט אויף אַ האַרטן זאַק
אין אַ תפיסה־קאַמער.
איך האָב זיך אויסגעבעט
מיין גיהנום אויף פאַרמעט...

## די רייכע וועלט

מיינע ביכער ווי מיינע חלומות
זענען צעוואָרפן איבער שטעט,
אויף בוידעמס און אין קעלערס.
וואָס כ'האָב געזאַמלט יאָרן לאַנג,
האָבן לאַנגע הענט צעטראָגן —
ניט געהאַט קיין האַרץ עמיצן
אָנצוקלאָגן.
וויפיל איך האָב ניט געהאָרעוועט,
זיך געגריבלט און געשריבן.
געשפּאָרט און געקליבן —
האָב איך אויף אַן ערלעכן אופן...
זיך ניט געקאָנט דערשלאָגן צו אַן
איינענעם ווינקל...
אין דער רייכער וועלט בין איך
היימלאָז פאַרבליבן — — —

## שפּינוועבס

דער מענטש איז ניט בלויז מיט אַ בגד באַקליידט,
נאָר אויך מיט אַ מאַסקע פאַרשטעלט —
כדי צו זיין אויסגעפּוצט פאַר דער וועלט.
ווען טו זיין מאַסקע אַראָפּרייסן, וועט ער אויף זיך
זיין הויט צעבייסן... ווי אַ שפּין וועבט שפּינוועבס,
אַזוי וועט ער אַרויסוועבן ליגנס פון זיך...
כדי צו באַקליידן זיין נאַקעטן איך — —

דער פויגל האָט פעדערן אויף זיין הויט,
די חיה איז באַוואָרנט מיט אַ פעל.
דער מענטש צו גערייען — וועבט חלומות
פון זיין זעל — — —

# אַ בליק אויף צוריק

איך בין שוין געווען פֿאַר גייציקע הענט
אַ לייכטער ציל
און פֿאַר גיריקע הערצער
אַ קאַפּריזנער שפּיל.

איך בין שוין געווען פֿאַרן אמת
אַ געשאַרפֿטע שווערד
און פֿאַרן שקרם ציין אַ ביין
וואָס ווערט פֿאַרצערט.

איצט בין איך רייף און שטיל
און איך ווייס וואָס איך וויל —
נאָר ווי קען איך דאָס דערקלערן —
כ'דאַרף אויפֿסניי געבוירן ווערן.

# קאַניבאַלן

די צייט האָט אַזאַ גרויס מויל,
אַז זי פֿרעסט אַלץ וואָס לעבט
און בלייבט מיט הונגעריקע ציין.
און מיר עסן איינע די אַנדערע
און ווערן אויך קיינמאָל ניט זאַט...
און אומבאַהאָלפֿן איז אונדזער ביסל חכמה
און ווויסן... און אַזוי קורץ די פֿרייד
פֿון געניסן. דאַרף מען זיך צוגעוואוינען
צו דער פֿינצטערניש ווען מען
זעט נאָך ליכט — — קומען וועט דער גאָט
פֿון דער נאַכט און אויסלעשן
פֿאַר אונדז די שיין. צו הילף וועט ניט קומען
דער גאָט פֿון זיין. ביז די צייט
מיט אירע שאַרפֿע ציין צעבייסט אונדז
און שלינגט אונדז איין — — —
אַזוי איז די וועלט — פֿאַרפֿאַלן.
נאָר צו וואָס זאָלן מיר נאָך זיין קאַניבאַלן?

# מיסטעריע

אַל־שעפֿערישער גייסט —
האָסט באַשאַפֿן דעם מענטשן
מיט אַ בלינדן ווילן צו זיין,
נאָר דו האָסט פֿון אים פֿאַרהוילן
דעם זין פֿון לעבן
און דעם סוד פֿון פֿאַרגיין.

האָסט זיין גייסט דערפֿירט צו די
טיפֿע קוואַלן פֿון וויסן,
אָבער ער ראַנגלט זיך נאָך מיט כאָאָס
און איז אין זיך אַליין צעריסן...

זיין קלוגער שכל קאָן נאָר גרויסע
וואונדער דערקלערן —
אָבער איבער אים הענגט די מורא:
ער זאָל זיך אַליין ניט צעשטערן — —

פֿיל קלוגשאַפֿט האָסטו אים באַשערט,
ער זאָל קאָנען באַהערשן די גאַנצע ערד,
אָבער זיין חכמה פֿאַרהיט אים ניט פֿון
געפֿאַרן —
ווייל אַפֿילו זיין העכסט וויסן
פֿירט אים אויך צו נאַרן — — —

# ווערטער

נאָך זישאָ לאַנדוי

פֿאַראַנען ווערטער וואָס זאָגן דאַכט זיך
אַזוי פֿיל — נאָר זאָגן זיי קאָנסטו קיין מאָל ניט,
קאָנסט מורמלען בלויז אין דער שטיל.

מענסט ווי פֿאַרטיפֿן דיינע געדאַנקען —
אויסשלייפֿן דעם פֿיינסטן סטיל,
וועסט אפֿשר דערגיין צום העכסטן ציל
פֿון קונסט — —

נאָר וואָס וועסטו אויפֿטאָן מיטן גאַנצן שפּיל?
דאָס קלינסטע וואָרט קאָן ניט באַשאַפֿן,
וואָס דאָס נאַרישע האַרץ דיינם וויל...

## ווי צו צאָלן זיך אַ חוב

און צוריק געשמועסט: דאַרף מען זיך
האַלטן גרוים ווען מען איז שיין?
אַז שיינקייט צאַנקט אוים ווי אַ ליכט —
אַ שאַרבן ווערט פֿון שענסטן געזיכט.
און ווידער אַמאָל: דאַרף מען זיך גרויסן,
אַז מען איז קלוג?
דינט דאָך חכמה דעם שקר גענוג — —
און אָקעגן דעם אייביקן האַר,
איז דער גרעסטער חכם אַ נאַר.
און איז דען אַ פֿראַגע: צו מען דאַרף
שטאָלצירן ווען מען איז רייך?
אַז רייכקייט מאַכט מיאוס, אַפֿילו וואָס
איז שיין — אַן עכטער מענטש האַלט זיך קליין...
דער רייכער אין גייסט דערהייבט זיך אַליין.

## דער צער פֿון שוואַכע ביכער...

זיי קומען ווי ניט־געבעטענע געסט —
קיינער האָט קיין האַרץ פֿאַר זיי צו פֿאַרמאַכן
די טיר — —
צו פֿאַרברענגען מיט זיי איז שווער...
ווי מיט איינעם, וואָס מאַכט אַן אָנשטעל,
אַז ער ווייסט אַלצדינג און נאָך מער...
לאַנגווייליגט מען זיך מיט זיי —
ווי מיט מענטשן וואָס רעדן אַ סך
און מיינען: אַז אַלץ וואָס קומט
פֿון זייערע ליפּן איז תורה — —
מען האָט זיי פֿיינט — דאָך ווייזט מען זיי
אַרוים רחמנות... מען וויל זיי ניט פֿאַרשעמען,
ווי מען וויל נישט מבייש־זיין
קיין קראַנקע בעטלער...
וואַלגערן זיי זיך אין די הייזער
און מען ווייסט ניט
וואָס מיט זיי צו טאָן...

# זומער ־ געזאַנג

איך הער דאָס געזאַנג פֿון דער קאָסע,
וואָס שניידט די יונגע גראָזן.
אַ זיסן ריח ברענגט דער צאַרטער ווינט
פֿון פֿרישן גרינעם פֿעלד.

די קאָסע קלינגט און זינגט אין דער לופֿט.
עס טראָגט זיך דאָס געזאַנג פֿון אַלע זייטן און ווייטן.
עס פֿאַלן שטיל די שטומע גראָזן אויף דער ערד.
דאָס געזאַנג קלינגט נאָך העכער ווען דער שניטער
שאַרפֿט זיין שווערד — —

דאָס שאַרפֿע שטאָל בליצט אין דעם שיין
פֿון דער היסער זומער־זון.
דער שניטער שווינגט זיין שאַרפֿע שווערד
אויף אַלע זייטן פֿראַנק און פֿריי —
פֿון קיינעם ניט געשטערט — —

די קאָסע קלאַנגען הילכן העכער
ווי די לירישע פֿייגל און די באַשיידענע גרילן.

מענטשן הערן בלויז דאָס ליד פֿון רייפֿן זומער...
די גראָזן וויינען דאָס שטומע געוויין —
פֿון זייער פֿרי־צייטיקן טויט — — —

# אַן עצה

אויב דו ווילסט אין נחת אויסלעבן דיינע יאָרן,
דאַרפסטו וויסן וואו איין, וואו אוים. דיין נשמה און דיין
צונג זאָל ניט זיין צו גרוים. מיט באַרימקייטן און ליגנער
דאַרפסטו זיך פאָרן. דאַרפסט זיך פריינטלען צו
רעדאַקטאָרן
און גרויסע לייט, רעדן כיטרע, זיסע רייד... וואָס האָבן
פון אויבן גלאַנץ — און אין דער טיף קיין באַדייט — —

לערן זיך שמעקן און לעקן — אַרום די וואָס זענען
מעכטיק און גרוים. זע זיך אַליין אויך אַרויפצוגרויסן
און האָב תמיד אין זין: וואָס דיר קומט פון דעם
אַרוים...

חבר זיך מיט דערפאָלגרייכע... קריג אַ טיטל דאָקטער—
אָדער נאָך גרעסער — רוף זיך פראָפעסער — —
נאָר זיי ניט קיין נאַר, לאָז זיך ניט פאַרפירן —
אויב דו ווילסט האָבן גאָלד און די לאַסקעס
פון ווייבער — זאָלסטו טאָן אַלץ אין דער וועלט —
נאָר ווער ניט קיין יידישער שרייבער — — —

# אַ פלוך

אויף תמיד זאָל דאָס פאַרקינדיקט ווערן:
די האַנט וואָס שאַפט ניט ערלעך, נאָר פאַרכאַפּט,
די האַנט וואָס יענעם בלוט פאַרצאַפּט,
קאָן איר זינד ניט אָפוואַשן מיט טרערן.
גערעכטער גאָט, פאַרנעם מיין פלוך:
געליימט זאָל ווערן אַזאַ האַנט,
ווען זי וועט עפענען מיין בוך.

## די וואָרע וועלט

שוין יאָרן לאַנג ווי איך האָב מורא
צו פֿאַרלאָזן מיין אייגן הויז — מיך שרעקט
די גרויסע וועלט — מיט ליגן פֿאַרשטעלט.

אויף מיינע וועגן קומט מיר אַנטקעגן
איינער וואָס זאָגט צו גאָלדענע גליקן —
פֿון מיר וויל ער גאָרניט... בלויז איינשפּאַנען
מיין כוח און מיין איך אונטערדריקן.

אַ בעל־גאווה גדול בלאָזט זיך מיט כעס:
זיינע פּערל האָב איך נישט געקליבן...
אַ צווייטער איז אַ שונא: ווענן אים
האָב איך קיינמאָל נישט געשריבן — —

אַ פֿעדער־ליגנער קאָכט זיך אָן אַ זינען:
ווער איז ער? ער נעמט אַלץ ביי אַנדערע!
ער קאָן מיר מיין שטיקל נאָמען ניט פֿאַרגינען.

אַ מענטשעלע האַלט זיך אין איין באַרימען:
דער גרויסער האָט צו אים גערעדט.
יענע שיינהייט האָט אים גענלעט.
פּוצט זיך אין די שענסטע גרימען —
נאָר מיט אַן ערלעך וואָרט קאָן ער נישט שטימען.

טרעף איך איינעם, וואָס וועט אַ צווייטן
זיין נשמה געבן — איז ער שוואַך און אָרעם
און אים אַליין איז שווער צו לעבן.

האָב איך אַ חבר, אַ שטילער צדיק,
וואָס טיילט זיך מיט זיין ביסן —
ווערט ציטערדיק דאָס האַרץ און אומרואיק
מיין געוויסן — —

אַמאָל גיט אַ בלענדט פֿאַר די אויגן
אַ פּנים פֿון מילך און האָניק. דורך די

רייצנדיקע ציין פֿלימן חנעוודיקע רייד.
אין דיר ציטערט־אויף אַ זיסע פֿרייד.
פֿלוצים ניט דיר אין האַרצן אַ ריס —
ווייסט נישט פֿאַר וואָס און פֿאַר ווען:
דו האָסט דערפֿילט אַ שלאַנגען־ביס.

אַזוי טרעף איך אָנשיקענישן אַלערליי.
איינער גיט אַ שטאָך — אַ צווייטער אַ ביס.
דער אַ שטופּ — יענער אַ ריס.
די וועלף ווילן נאָך דו זאָלסט זיך
צו זיי בוקן... און דו, אַ לעמעלע —
פֿאַר זיי צו פֿאַרצוקן.

די וועלף מיט די מענטשן זענען אויסגעמישט.
די וועלף לעבט זיך לייכט... די מענטשן שווער.
און זעלטן ווייס מען ווער ס'איז ווער — —

שווער דעם וואָלף אין מענטשן צו צאַמען.
וואו נעמט מען אַזאַ פֿלעדערוויש — די וועלט
פֿון גרימירטע וועלף אויסצוראַמען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

שוין לאַנג ווי איך האָב מורא מיט מיינע
פֿיר וועגט זיך צו געזעגענען — מיך שרעקט
די געפֿאַר: די פֿאַרשטעלטע צו באַגעגענען...

## צו די איינציקע

אָ, איר איינציקע מיט צאַרטע הערצער,
צו אייך ציט זיך מיין געבעט און מיין בענקשאַפֿט.
זייט געבענטשט! וואו איר זאָלט ניט זיין.

אָ, איר איינציקע, איינזאַמע —
צעוואָרפֿן אין אַלע ווינקלען פֿון דער וועלט...
צו אייך צילן מיינע עלנטע ווערטער.

אָ, איר איינציקע, געליטענע און געלייטערטע,
אויף אייך רוט מיין גלויבן אין מענטש...
איר זענט מיין האָפֿנונג — מיין טרייסט — — —

## ווידוי

באַלד ביסטו שוין נאָענט צום ראַנד
פֿון דעם לאַנד וואָס איז אומבאַקאַנט
און קענסט נאָך אַלץ נישט מאַכן שלום —
שטעלסט דיין אָפּן האַרץ קעגן זיי...
און צאַפּלסט זיך מיט דיין וויי־געשריי
אומזיסט:
דו קענסט נישט זיין וואָס דו ביסט.

בעסער נעם צונויף דיינע שטילע פֿונקן,
אפֿשר וועלן זיי זיך קענען צעפֿלאַמען
מיט אַ ליכטיקן פֿייער... און צוזאַמען
באַלייכטן דיין פֿאַרטונקלט לעבן,
וואָס צאַנקט מיט פֿאַרקלעמטן צער
אומזיסט:
דו קענסט נישט זיין וואָס דו ביסט.

האָט מען אַוועקגענומען דיין אָרט,
פֿאַרזיגל דיין גורל מיט וואָרט — —
צינד אָן אַ ליכט ביי זיך אַליין...
שפּעטער וועט מען דיין כונה פֿאַרשטיין.
דיין ראַנגלען זיך איז איצט
אומזיסט:
דו קענסט נישט זיין וואָס דו ביסט.

## די אָפּענע טיר

דער טויט וועט פֿאַר מיר זיין לייכט,
ווייל ס'לעבן איז געווען מיר שווער.
דער וואָס האָט מיך געשיקט אַהער,
וועט מיך אויפֿנעמען ווי אַ טאַטע,
וואָס געפֿינט זיין פֿאַרבלאָנדזשעט קינד,
אפֿילו איך האָב פֿיל געשטרויכלט
און גרויס זענען געווען מיינע זינד.

# חרם

פֿון מיין בלוט האָב איך געמאַכט וויין —
פֿאַר זיי אַ געטראַנק
און וואָס איז געווען זייער געשאַנק ?
זיי האָבן אפֿילו נישט געוואָרפֿן קיין שטיין.
אין מדבר מיך געלאָזן אליין.

דער ווייזער אויפֿן זייגער זאָגט מיר :
פֿאַר דיר וועט באַלד זיין צו שפּעט
דיין גרויסן דורכפֿאַל צו באַקלאָגן,
אפֿילו קדיש נאָך די טויטע
וועט מען דיך נישט לאָזן זאָגן.
ווער וועט גלויבן אַז קלוגע לייט
האָבן פֿון דיר דאָס וואָרט צוגענומען ?
קיינער וועט נישט וויסן —
אַז דורך זיי ביסטו אומגעקומען.

# די ווייטע רייזע

איך גרייט זיך צו אַ ווייטער רייזע און ווייס נישט
וואוהין איך וועל פֿאָרן. די פּעק מיט חלומות
שוין פֿאַרברענט, די זעק מיט האָפֿנונגען
אַוועקגעוואָרפֿן.
נאָך אַ ביסל מי און מאַטער און איך וועל זיין פֿאַרטיק.
באַנען ניין צו אַלע ווינקלען פֿון דער וועלט
און איך ווייס נישט וואוהין איך וועל מיט זיי
דערפֿאָרן. עראָפּלאַנען פֿליען איבער די הימלען
און איך ווייס נישט וואוהין איך וועל מיט זיי
פֿאַרפֿליען. איך בלייב אויף איין אָרט און גרייט זיך
צו דער ווייטער רייזע — —
מיר וועלן זיך מוזן געזעגענען. די זון נאָך מיר
וועט לאַבן ווי פֿריער... די שטערן וועלן נישט ווערן
ווייניקער באַוואונדערט און באַטראַכט — — איך וועל
זיך דערנענטערן צום אייביקן סוד — אַ גוטע נאַכט.

# די האַנט

מיר זענען דעם באַשעפֿערס וואונדערלעכע שריפֿט.
ער הייבט אָן צו שרייבן ווען מיר זענען נאָך צאַרט
און קליין, ווייזט זיך אים אויס, אַז מיר וועלן
זיין ליב און שיין. נאָר קומען מיר אין די יאָרן,
נעמען זיך באַווייזן געפֿערלעכע גרייזן...
דעמאָלט שטרעקט דער באַשעפֿער אויס זיין האַנט,
וואָס איז מעכטיק און גרויס... און מעקט אונדז
אויס — — —

# קלאָר

פֿאַרן מענטש איז דאָ
קיין דערלייזונג ניטאָ —
ער ווערט דערלייזט מיט רו
אין זיין לעצטער שעה...

# באַהעפֿט

ס׳דערנענטערט זיך די רגע: ווען אַלעביימער
וועלן פֿאַרדאַרן אויף טויט. די גראָזן וועלן
ווערן שוואַרץ. די זון וועט זיך אויסלעשן
ביי טאָג און די שטערן וועלן ניט לייכטן ביי נאַכט.

די זינג־פֿייגל וועלן ווערן שטום, די טייכן
וועלן ניט פֿליסן, עס וועט ניט בליען קיין בלום.
דער ווינט וועט איינשלאָפֿן, דער הימל וועט
פֿאַרלירן די פֿאַרבן. די לבנה וועט פֿאַרשטאַרבן.

דאָס וועט געשען: ווען איך וועל ווערן
פֿון חלום דערוואַכט... און וועל זיך באַהעפֿטן
מיט דער אייביקער נאַכט — — —

# די לעצטע פרייד

ניכער גרייט צו די רידלען,
זענט די ברעטער פֿאַר מיין ארון —
כ'וועל זיך אומקערן צו דער אייביקער מאַמען.

קיין געפֿאַר שרעקט מיך ניט מער,
קיין צער באַשווערט מער ניט מיין געמיט,
דורך לייד איז מיין האַרץ געוואָרן אַ ליד.

אַהער געשיקט האָט מיך די מאַמע
ווי אַ פֿונק פֿייער — צו בלאָנדזשען
צווישן דעם נעכטן און מאָרגן. האָב איך זיך
געפּלאָנטערט
צווישן מענטשן און ווערטער
און אויף קיין איין שפּראַך האָבן מיר זיך ניט
פֿאַרשטאַנען.

גראָבט מיין קבר ניכער, טיפֿער.
פֿאַרלוירן איז מיין קריג און זיג.
פֿאַרבליבן איז מיר בלויז די לעצטע פֿרייד.
בין מיד און וויל רוען.
זאָל די מאַמע מיך פֿאַרוויגן אין איר שטומער שטיל.
אין איר טיפֿער וויג וועל איך אַלץ פֿאַרגעסן.
און די מאַמע וועט באַרוען איר קינד — — —

# מוחל

ווען איך וועל דאָ מער ניט זיין —
באַצירט ניט מיין קבר מיט בלומען,
ניט שטעלט מיר קיין טייערן שטיין
און אויף קבר אבות זאָל קיינער ניט קומען.

(איך וועל זיך אָן דעם וואויל באַגיין).
בעסער שטילט פֿון אַ קינד דאָס געוויין.
אַ ליידנדיקן לינדערט דעם פּיין.

# מיין טעסטאַמענט

די וואָס שטעלן צו מליצה פֿאַר כבוד
און ברויט — האָבן מיט פֿעדער און קויט
פֿאַרשוועכט מיין נאָמען.

אַליין האָבן זיי זיך אַרויסגעשטעלט
פֿאַר די נביאים פֿון היינט
און אויסגעלאָשן אין זיך דעם לעצטן פֿונק
פֿון גאָט — —

מיך האָבן זיי פֿאַרשריגן מיט ליגנס
בייז און בלינד און מיט מיין פֿאַרגרעסערטן שאָטן
פֿאַרשטעלט זייערע פֿאַרבאָרגענע זינד...

נאָר ווען איך וועל דאָ מער ניט זיין —
וועט דער באַרג פֿון רכילות צעגיין
ווי ברודיקער שניי...
און ס'וועט ווערן קלאָר
מיין פֿאַרטונקלטע וואָר — —

און ריינע ליפּן וועלן זאָגן:
אין אַ וועלט וואו דער ליגן האָט געשיינט,
האָט ער זיך איינגעשטעלט פֿאַרן געווויסן
און געזאָגט וואָס ער האָט געמיינט...
ווען אַנדערע האָבן געדרייט מיטן וואָרט געמיין,
האָט ער בעסער געוואָלט ליידן —
און האַלטן די פֿעדער ריין — —

און כאָטש זיי האָבן געוואָרגן זיין גייסט
און פֿאַרקלעמט זיין אָרט,
איז ער ביינעשטאַנען יעדן נסיון
און געקעמפֿט פֿאַרן ערלעכן וואָרט...

# חשבון

## א

דער זין פֿון אַלץ איז מענטש.
ווי קאָן ער זיך פֿאַראַנקערן צו זיין הייך, —
אַז ער פּלאָנטערט זיך אין נעצן פֿון איינענע געוועבן
און קאָן ניט דערגיין צום טיפֿן תּוך פֿון לעבן — —
דער מענטש זאָל דערגרייכן זין און ציל —
מוז ער קאָנען אַריינקוקן מיט אַ קלאָר ליכט
דעם טויט אין געזיכט.

דער טויט איז דאָך דער סוד פֿון אַלץ
וואָס איז — — און פֿירט מיטן בייט פֿון צייט:
אַז קליין און גרויס זאָלן ווערן אויס...

בלייבט מען בלינד צום זין פֿון פֿאַרגיין —
איז מען ניט פֿריי — — דער הפֿקרדיקער איך
רייסט זיך צו גראָבע תּאוות און פֿאַרשווייבט
דעם גרויסן אמת, — וואָס פֿירט
ווי אַ לייטער פֿון ליכט צו הייליקייט.

## ב

דער טויט איז ניט קיין גנב —
וואָס גנבעט פּלוצלינג אַ מענטשן אַרויס
פֿון הויז.
דער טויט איז אפֿשר דער באַשעפֿער אַליין —
וואָס קומט מאָנען חשבון ביי זיין איינן ווערק.
דאָס שטאַרבן איז דער סך הכּל פֿונעם גאַנצן זיין.
דאָס לעבן איז פֿאַרקניפּט מיט זיך אַליין.
דער טויט בינדט אויף אין טאָג פֿון געבורט
דעם קנופּ פֿון ווערן און איבערגיין...
בלויז דער וואָס מאַכט אַ חשבון
פֿון זיין און ניט זיין — קאָן איינשטילן
דעם גערנגל אין זיך אַליין — —

ג

מיר פֿאָרן לאַנד איין, לאַנד אויס —
צום לעצט געפֿונען מיר אויס:
אַלע לענדער זענען איין לאַנד...
און דאָס לאַנד פֿירט צום ראַנד פֿון אין־סוף,
וואָס איז אומבאַקאַנט — —
אויב דאָס איז אַ יש — איז ער פֿרעמד
אונדזער פֿאַרשטאַנד.

וואו איז די בריק?
וואו מען קאָן זיך שטעלן און זאָגן:
אָט־דאָ איז זיכער. דאָס איז אמת.
זאָגן זיי די בריק איז גאָט.
אָבער דאָס וואָרט האָט מער קיין קראַפֿט
און קיין האַפֿט — —
נישט דער גייסט דאַרף אַ גאָט —
נאָר דער גוף... דער גוף אין אייביקן טרויער
פֿוילט, ווערט אַלט און פֿאַלט צוריק
צו דער שטומער ערד — — —

ד

זאָגט אונדז אַ שטילע שטים:
קענגן אַלץ וואָס מען זאָגט...
אַז דער טויט איז גאָט.
ווייל קיין מאַכט האָט קיין האַפֿט קעגן אים.
פֿאַר וואָס־זשע שרעקן מיר זיך פֿאַרן האַר אַזוי?
איז דאָס דערפֿאַר ווייל מיר זענען בלינד
פֿון זינד?

איז דאָך אונדזער העכסטע פֿרייד
פֿאַרקניפּט מיט זינד... אויך די ליבע
פֿירט צום לאַבירינט — —

דער בוים פֿון וויסן און דער בוים פֿון לעבן
זענען אייביק געווען איין בוים...
זיינע וואָרצלען האָבן דערגרייכט צו די
טיפֿן פֿון טויט... און אויף זיינע צווייגן
זענען געוואַקסן די זינד פֿון זיין — —

ח

ניט דער קברן נאָכן טויט —
נאָר יעדער גראָבט פאַר זיך אַליין
זיין קבר ווען ער לעבט — —
(ווי דעם וואָס גראָבט אַ קבר פאַרן צווייטן).
הייליק איז דער קבר און אייביק...
צו גרייטן זיך צו דער הייליקייט —
דאַרף מען זיין העכער פון זיך אַליין — —
באַזינגן דעם שאָטן וואָס גייט אונדז נאָך
און ווערן פריי פון מורא און געוויין...
דער אין־סוף דאַרף זיין אַ ליכט,
וואָס זאָל באַלייכטן דעם מענטשנס טריט אין לעבן.
ער זאָל דאָס ליכט פון באַשאַף
פאַר בייזע צילן ניט אָפּגעבן — —
ניט פלוישן ווענן הימל מיט קלוגע רייד —
נאָר פאַרהימלישן די ערד מיט גוטע מעשים —
באַגלייט פון פשטות און פון פרייד — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

מורמל איך צו זיך:
לייטער זיך צו זיין עבט.
רייף זיך פאַרן לעצטן סך הכל.
דעם האַר פון אַלע האַרן
קאָן קיינער ניט נאַרן...

# יאָסעמיטי

דעם דיכטער מ. ז. טקאַטש

וואָס איז די קראַפט וואָס שאַפט
און בלייבט אַ סוד?
איז דער וואונדער פאַרן שכל צו גרויס,
צי איז אַלץ אַ צופאַל בלויז?

וואונדערלאַנד יאָסעמיטי! דיין קעניאָן פירט צו
נייע זעאונגען; אין האַרץ פון גרויסן גרויען
בער*) זענען פאַרבליבן די סימנים פון דעם באַשעפערס הענט.
ווער האָט ווי אַ סקולפּטאָר אויסגעהאַקט דעם
גראַניט-באַרג אַזוי שאַרף, אַז קיין רעגן און קייןווינט
האָבן געקאָנט אויסגלעטן זיין אור-אַלטע שאַרפקייט?
דיינע וואַסערן און וואַסער-פאַלן קאָכן מיט דער
אורקראַפט פון דער ערד, ווען אַלץ איז נאָך געווען
פייער — — דיינע בערג זענען עדות פון יענע
צייטן, ווען געטער האָבן געבוירן וועלטן — — — —

## בערג-פאַנטאַזיעס

אַמאָל האָט די ערד זיך געוואָלט באַהעפטן
מיטן הימל — האָט זי אויסגעשטרעקט אירע
ריזיקע אָרעמס אין דער הייך,
זיך פאַרמאָסטן מיט וואולקאַנישע פויסטן — אַ פויסט
אַ באַרג! איז דער הימל געווען צו ווייט...
זענען די לאַווישע פויסטן געוואָרן פאַרגליווערט
אין פעלזן, ווילן איז געוואָרן פאַרשטיינערט
אין רוים — אייביקע צייכנס פון נישט קענען
דערגרייכן — —
פאַלן שנייען אויף די אַלטע קעפּ פון די
בערג. יעדער באַרג אַ פאַרפרוירענער
גרייז מיט אַ קרוין פֿון אייז. נאָר אין האַרץ
פון די בערג ברענט אוראַלטער פייער —
בענקשאַפט צו דער ווייטער הייך... דראַנג צו
אַ נייעם דערגרייך — — — —

*) דער אינדיאַנישער נאָמען פאַרן טאָל יאָסעמיטי.

# טויט־לוסט

אַרויפֿקלעטערן אויף די העכסטע שפּיצן,
זיך שלײדערן אין די טיפסטע טיפן...
צעשניידן די אומרו אויף ווילדע שאַרפן —
צעשפּילן דאָס בלוט אויף די ביימער־האַרפן.
מיט אַלץ וואָס זינגט מיטזינגען — אַליין דעם טויט
אַנטקעגנשפּרינגען...
צווישן וואונדער און עקסטאַז אויסגיין,
מיט שיינקייט פון לעבן דעם טויט מאַכן שיין — — — —

# פֿאַר די וואָס הערן

זינגען די בערג געזאַנגען פון שווייגן,
געזאַנ פון רו, געזאַנג פון שטייגן.
געזאַנג פֿון זיין צוזאַמען,
געזאַנג פון זוכן באַזונדער,
געזאַנג פון טיפֿע סודות...
געזאַנג פון שטומע וואונדער.

# בערג־געזאַנג

מיר זענען מאָנומענטן פון אייביקייט,
שווייגן אוים די סודות פון צייטן,
מיד פון אונדזער פאַרשטיינערטקייט,
חלומען מיר פון פלאַטערדיקע ווייטן.
עס קומען צ אונדז קלייניקע מענטשן,
ווי גיפטיקע ווירבלענדיקע שטויבן —
מיר ווען מיט אורקראַפט זיי בענטשן,
זיי זאָלן צו אונדז זיך דערהייבן — — —

# די רייד פון בלויען פויגל

בערג, ווער האָט אייך דערהויבן?
טאָלן, ווער האָט אייך דערנידערט?
איך פלי אויפן העכסטן באַרג און
אין טיפסטן טאָל — פֿאַר מיינע אויגן
איז אַלץ גלייך — — אין שיינקייט זענען
אַלע רייך — — —

## סימפּאָניע פון וואַסערפאַלן

זינגנדיקע יאַסעמיטי, די סימפּאָניע פון לעבן
האַרמאָנירט אין דיר בעסער ווי אויף דער גאַנצער
ערד.
אורא, אורא! שפּילן דיינע וואַסערפאַלן.
רוישיק ראַשן דיינע קעסל-גריבער.
קייכיק קאָכן די כוואַליעס צווישן שטיינער.
קוועלנדיק זינגען דיינע קוואַלן.
אויפגעהויבענע כוואַליעס, ווי צערייצטע הינט,
לויפן מיט אימפּעט איינע איבער די אַנדערע,
רייסן זיך, בייזן זיך, ביז שוים רינט פון די מיילער.
צעטומלטע כוואַליעס — וואוהין לויפט איר?
איילנדיקע שדים — ווער טרייבט אייך?

## רויש פון כוואַליעס

רויש! רויש! דער דראַנג צו פרייקייט
זינגט אין אונדז. דער אימפּעט פון זיין
זינגט אין אונדז.
איר שטיינער זענט שטאַרק — ליגט אויף איין אָרט.
מיר זענען שטאַרק מיט אונדזער שוואַכקייט...
צערייסן זיך און ווערן גאַנץ, לייזן זיך אויף
אין טראָפּנס און ווידער מעכטיק — —
אייער האַרטקייט וועלן מיר באַזיגן!
רים! רים! מיר וועלן זיך דורכרייסן.
בים! בים! מיר וועלן זיך דורכבייסן.
ווייכער מאַכן אייך מיט אונדזער שאַרפן,
לייטערן אייך מיט אונדזערע וואַסער-האַרפן,
ביז אויפהערן וועט מיינס און דיינס
און אַלע וועלן ווערן איינס — — —

# בערג

בערג קייטלען זיך אין דער לענג —
כוואַליען זיך פון אַלע זייטן
און בינדן זיך צוזאַמען ווי ראַנגלדיקע ריזן.
בערג שרייבן מיט שריפט פון שטיין
אין דער לופט אַריין.
בערג מיט ציין פון שטיין בייסן זיך אין
דער אייביקייט אַריין — —
בערג זענען געשטאַלטן, מיט קנייטשן
און פאַלדן.
בערג לעבן, בערג חלומען — פאַרשטיינערטע
חלומות פון דער ערד ביז צום הימל.
אַ באַרג אַנגעלענט אָן דער פּלייצע פון זיין
ברודער, איז רואיק און שטאַרקער ווי אַלץ
אויף דער ערד.
דריי ברידער שטייען אַרומגענומען, די קעפּ
פאַררִיסן צו די וואָלקנס — וועכטער פון דער אייביקייט.
אַ בראָנזענער באַרג, אויף אַ גרינעם באַרגס אַקסל
איז געבליבן מיט גאווה פאַרגליווערט.
אַש־געפּלעקטע בערג ליגן צונויפגעדרעגנגט,
ברוגז צום הימל: ס'איז ענג — —
אַ באַרג מיט אַ קופּערנעם שטערן, צו געטוליעט
צו אַ מעשענעם, האַלט אים צו מיט שטיינערנע הענט.
אַ שמאָלער באַרג, אָפּגערוקט פון אַ ברייטן פעלז,
איז געבליבן עלנט אויף אייביק.
בערג, ווי פאַרשטיינערטע העלפאַנטן, ליגן פּויל,
אָן אַ ציל...
בערג ליגן מיט די הינטנס אַרויף
צו להכעס דעם לץ פון דער וועלט — —
פּורפּור־בערג פאַרן זיך, ליגן צונויפגעקנוילט
מיט לײדנשאַפט אונטער דער פלאַמיקער זון.
אַ באַרג, פּויל אָנגעשפּאַרט אָן אַ פּרעמדנס היפּט,
געניצט אין דער וועלט אַריין.
אַ באַרג־גיגאַנט, מיט אַ פאַרמאַכט מויל, שווייגט
אוים הויכע סודות.

מיט צוויי אויסגעשרעקטע הענט צום הימל,
טט אַ באַרג תּפֿילה צו דער לײדיקײט...
בערג מיט בערג זענען צוזאַמען — זעט אויס אַ באַרג אין
דער הויך פֿאַראײנזאַמט, איז ער אין דער טיף פֿאַרברידערט.
על קאַפּיטאַן שטייט פֿאַרעקשנט, ווי אַ הערשער
איבער זיינע בערג־ברידער — אייביק געשמידטע;
אַלצדינג איז געשמידט — בענקט נאָך פרייקייט
און איז נים פריי — — אַלע לעבנס זענען פֿאַרצאַמט:
ביימער שטייענדיקע חיות — מענטשן גייענדיקע
ביימער — —
בערג — פֿאַרשטיינערטע וועלטן.

## וואַסערפֿאַלן

מיר זינגען דאָס פֿרייסטע געזאַנג פֿון די הייכן,
טאַנצן אוים מיט ווייסע שלייערן די פֿרייד פֿון די טיפֿן
אונדזער פרייהייט איז אייביקער ווי אַלע פרייקייטן.
אונדזער ווייסקייט — ווייסער ווי אַלע ווייזהייטן...
געלייטערט און געהייליקט, דין און מעכטיק!
אייביקער באַוועג און תמיד יונג.
מענטשן קומט צו אונדז! זיך אויפפרישן
מיט אונדזער פרישקייט. לויטער ווערן
פון אונדזער לויטערקייט. יונג ווערן פון
אונדזער שיינקייט — — —

## טאַנץ פון די וואַסערפֿאַלן

וואַסערפֿאַלן קאָקעטירן מיט זייער פֿלאַטערדיקער ווייסקייט.
מיט לאַכנדיקער לויטערקייט און דינקייט.
טאַנצן מיט ווייסע כלה־שלייערן אין דער לופטן.
שפּיגלען זיך אין הימל און פלאַטערן אָן אויפהער
פון די בערג אין די טאָלן.
וואַסערפאַלן, זילבער־סטרונעס אויף גרינע האַרפן,
שפּילן דאָס טאַנץ־ליד
אויף שטיינערנע שאַרפן.
וואַסערפאַלן שלינגען פון דער זון
די שטראַלן און פאַלן...

## די בריק

יאָסעמיטי, דיינע וואַסערן נידערן פֿון דער הייך
מיט אַ רעגן וואָס הערט קיין מאָל ניט אויף. דיינע
פילפאַרביקע בלומען פלייצן קעגן דער זון איבער די שטיינערנע
קעפּ פֿון די בערג און שעמערירן מיט אַלערליי קאָלירן.
איבער דיינע וואַסערן איז פאַרצויגן אַ רעגנבויגן:
די בריק צו דער אייביקייט — — —

## שטאָט־ריטמען

הארץ, ניט פלאַטער אַזוי — פאַרנעם רואיק די
וואונדער פֿון וואונדערלאַנד יאָסעמיטי. און דו
לויטער אויג, שענסטער גאָב פֿון גאָט, זעטיק
זיך מיט דער שיינקייט פֿון דער וועלט און ווער
קיין מאָל נישט זאַט — —
די זון שמייכלט דורך די צווייגן פֿון די ריזן־ביימער —
צערטלט יעדעס שטיינדל, גלעט מיט
אירע ליכטיקע פינגער יעדעס ווערימל און גרעזל.
נאָענט צום הימל הענגט ווי אַ קעמעלס האָרב,
אַ שטיק בארג — אויף אים שטייען מענטשן, חידושן זיך
און בענטשן...
שוין אַלע כוחות אויסגעשעפּט פאַר דיינע וואונדער,
יאָסעמיטי. פֿאַרשטיינערט בין איך פֿון דער גרויסער שטאָט
אָהערגעקומען, וואו די מידקייט פּרעסט אויף די פּרייד...
און כאָטש דיין חן האָט מיין הארץ באַנייט — דאָך ציטערט
נאָך אין מיר דער פאַרקלעמטער געשריי פון געראַנגל און
וויי — — —
די שטאָט, וואו קלוגע לייט האָבן מיר
אייביקע וואונדן געמאַכט און מיין פיין
אויסגעלאַכט.
די שטאָט, וואו פון די געמאַכטע שיינקייטן ווערט
דאָס אויג פאַרבלענדט... אויפן חשבון פון אמת,
וואָס ווערט געשענדט — —
די גרויסע שטאָט, וואו קיין שיינקייט איז מער ניט שיין
און קיין הייליקייט איז מער ניט ריין — — —

ביי דיר, יאָסעמיטי, זענען אַלע חנען עכט... און קיינער
איז ביי קיינעם ניט קיין קנעכט — —
ביסט גרויס און פעסט, אין דיין ברוסט קאָן מען
זיך אָנשפּאַרן... דו קאָנסט ניט גענאַרן — —

## ביימער-גיגאַנטן

די סעקוואָיאַס* גיגאַנטן רוישן צו די בערג:
וויהו! ווי דערהויבן! רייסן זיך צום הימל,
די בערג איבערצושטייגן — די זון שפּילט זיך ביי טאָג
מיט זייערע צווייגן—ביינאַכט שפּיגלען זיי זיך אין דער לבנה...
אין אָוונט קומט די צויבערדיקע כלה, שפּאַרט זיך אָן
אויפן קאָפּ פון העכסטן באַרג און לאַכט מיט איר
זילבער געלעכטער, איבער דעם פאַרכישופטן יאָסעמיטי.
די ביימער פאַרחלומט רוען, די פייגל טוליען זיך אין
זייערע נעסטן, די חיות רוען; די מענטשן גייט
די נאַכט אַוועק מיט בענקשאַפט, רשעות און שרעק — — —
אַ רויט-בלויער קאָליר בליט אין דער באַנאַכטיקער לופט.
די שטערן האָבן זיך אויסגעשטעלט אין
רייצנדיקער פּראַכט. די בערג, ווי געטרייע
וועכטער, באַשיצן די מיסטעריעזע נאַכט.

## קרייץ-וויזיע

אין דער פרי שווימט די זון אַרויס פון
דעם שפּיגל-טייך. פאַרביקע שלייערן באַווייזן
זיך אויפן האָריזאָנט. די קעפּ פון די בערג
באַקרוינט מיט גאָלד.
די אויפגייענדיקע זון ווייזט זיך אַלץ העלער און העלער.
צוזאַמען מיט איר קלעטערן די מענטשן אַלץ העכער
און העכער. אויפן העכסטן שפּיץ-באַרג ווערט
דאָס האַרץ מיד און שוואַך — צו שטאַרק איז די פרייד...

---

*) אַ ריזיקער טאַנענבוים

אויף די העכסטע הויכן איז די וועלט ניי — פֿאַר
די אויגן זענען אויסגעשפּרייט די אוצרות פֿון די
צייטן. דאָ זעט מען ווי ווייניק מען האָט געזען —
מען פֿאַרגעסט דעם געדאַנק פֿון פֿאַרגיין... מען פֿרייט
זיך מיטן נס פֿון זיין... נישטאָ קיין שטרייט...
קיין טויט — אויף די העכסטע שפּיצן הערשט די רו
פֿון אייביקייט — — מענטשן ווערן שטום —
די שטומע זאַכן נעמען רעדן — — פֿון די גרויסע
וואונדער עפענען זיך מיינע וואונדן — —
איך שפּאַר זיך אָן אין אַ פעלז, מיט פאַרמאַכטע
אויגן דערזע איך אַ קרייץ... און איך, אויף אים...
און ווי עס פֿליצט דאָס בלוט פֿון
וואַסער־שטראָם, אַזוי טריפט דאָס בלוט פֿון מיר
און מישט זיך אוים מיטן נעוואַדאַ־וואַסערפֿאַל.
איך קום צו זיך — אַלץ אין מיר איז אויסגעלאָשן
און באַשווערט; לייכט איז מיר זיך אַוועקצושענקען
צו דער ערד — — איך בין צו אַלץ שוין טויב — נאָר
אין מיינע אויערן רוישן ריטמיש די וואַסערן:
וואונדער! וואונדער! וואונדער — — — —

## פ י י ג ל

די לופט וויברירט פֿון געזאַנג — אייביק שפּילט דאָ די
סימפֿאָניע פֿון דער וועלט — — בינען שאַפֿן מיט פֿליים.
אַן עלנטער פויגל זינגט אוים זיין בענקשאַפֿט נאָך דעם
וואָס האָט באַדאַרפֿט צו זיין און איז נישטאָ...
וועלף וואָיען אוים זייער ניט געשטילטע תאוות.
אינזעקטן פֿרעסן איינע די אַנדערע מיט הנאה...
הירשן האַלטן זיך אין איין ראַטעווען פֿון טויט — —
פֿייגל ליבן זיך און זינגען.

שיינער פויגל, וואָס טרינקסטו?
איך טרינק דעם טוי פֿון די גראָזן.
שיינער פויגל, וואָס עסטו?
די קערנער וואָס גוטע ווינטן פֿאַרבלאָזן.

# געזאַנג פון די טאָלן

פאַר דער אייביקייט איז ניטאָ קיין בערג,
קיין טאָלן; די צייט וועט אַלץ צעמאָלן.
דער שטאָלצער קאָפּ פון העכסטן באַרג
איז שוין געלעגן אַמאָל אין טיפסטן טאָל...
די טאָלן וואָס זענען דערנידערט,
וועלן אַמאָל זיין דערהויבן;
דאָס איז דער כוח פון אונדזער גלויבן.
דאָס לעבן ברענט דורך פֿאַלן און שטייגן.
אויסגעשריי פון טיפסטן צער — — —
און פרייד און ציטערדיקן שווייגן......

# פ ל ע ק ן

אויף די שפּיציקע פעלזן פון אוואַני*
זענען פאַרבליבן פלעקן —
די צייט קאָן זיי ניט פאַרמעקן...
בלוטיקע צייכנס פון די רויטע קינדער,
וואָס זענען געפאַלן אויף יאַסעמיטים
גראַניט-שטיינער און זיי באַשפּריצט מיט בלוט.
אויף יעדן רויטנס קבר אַ פּוס פּון אַ ווייסן
שטייט — — און דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון שבט,
דורכן ווינט שרייט און שרייט...
דאָס האָבן די ריטער פון בלענדיקן שפּינוועבס
זיי אויסגעהרגעט — — און דעם וואונדער - טאָל
פֿאַרוואַנדלט אין אַ גאָרטן. נאָר אין די טיפֿע פֿעלזן-שפּאַלטן
איז נאָך דער שאָטן פֿון טויט באַהאַלטן — —
פאַרבליבן פון פאַרגליווערט בלוט די שרעק...
אויף יעדן גרינעם בלאַט ברענט אַ
רויטער פלעק — — —

---

*) אוואַני, אַ צווייטער נאָמען פאַר יאָסעמיטי.

## חיות

די יאָסעמיטי־בערג טרייבן אוועק פון אַלעמען
די שרעק — — ליבשאַפט רינגלט דאָ אַרום
אַלע באַשעפענישן. מענטשן לויערן דאָ ניט
אויף חיות, חיות האָבן דאָ ניט קיין
מורא פאַר מענטשן.
בערן עסן דאָ פון מענטשלעכע הענט. הירשן קומען צו
ווי צו נאָענטע באַקאַנטע, בעטן מיט די אויגן:
גיט עפּעס ס׳האַרץ אונטערצוזולענען.
קומט צו פליען אַ בלויער פויגל. אַ זיידענע
קרוין אויף זיין שפּיציקן קאָפּ. די קרוין פלאַטערט
אין ווינט. ער שפּרינגט פון צווייג צו צווייג
און זינגט. ער זינגט אויס דאָס אייביקע געזאַנג:
ליב מיך — איך האָב דיך ליב — — — —
ער טאַנצט אַרום די מענטשן אָן מורא.
מיט אַמאָל גיט ער איבער אַלעמענס קעפּ אַ פלי:
קיינער וועט ניט טאָן קיין בייז אין לאַנד פון וואונדער —
יאָסעמיטי...

## רו

ליג זיך אַזוי רואיק אויפן שטילן גראָז.
אין געדאַנק גיי איך אויף קלאָודס־רעסט שפּאַצירן.
די וואָלקנס מיטן קאָפּ פון באַרג פלירטירן.
כ׳פיל זיך פעסט ווי על־קאַפּיטאַן, וואָס פאַררייסט
צום הימל זיין שטיינערנעם שטערן.
מיין האַרץ הייבט אָן רואיקער צו ווערן.
די אויגן באַהעפטן זיך מיט די פאַרבן פון די לופּינען.
אין די אויערן זינגט דער כאָר פון פייגל, וואַסערן און
בינען.
שטום איז דאָ יעדע זאַך —
דאָך רעדט אַלץ צו מיר אויף אָן אייגענער שפּראַך...
מיין קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף אַ סעקוואָיאַ־גיגאַנט,
וואָס די האַנט פון צייט האָט צום אָנדענק
אוועקגעשטעלט — —
מיין האַרץ ווערט אַ פויגל און זינגט צו דער וועלט.

## געזאַנג פון טייך

אייביק פליסן —
זיך איבערגיסן
וואַך וואַנדערן —
פון אַלטן צום אַנדערן.
זיך פאַרשפּרייטן
איבער ווייטן —
זיין אי דאָ,
זיין אי דאָרט —
ניט געקאָוועט צו קיין אָרט...
זיך באַשפּריצן
מיט זונען־בליצן —
כדי צו זיין שיין
אין פאַרגיין...
און נישט קלערן
פון נישט ווערן — — — —

## פ ר י י ד

פרייד פון אייביקן געבורט... פרייד פון פאַרהיילטע וואונדן. פֿרייד פֿון שמעקן דעם ריח פֿון פֿרוכטבאַרע פֿעלדער.
פרייד פון זען די פרוי דאָס ערשטע מאָל, וואָס
ווערט דיר הייליק...
פרייד פון זען בערג מיט קרוינען פון שניי, ווען
וואָלקנס טוליען זיך צו זיי. פרייד פון קאָרנפעלדער,
ווי גאָלדענע ימען, ווען זון און זאַנגען באַהעפֿט צוזאַמען.
פרייד פון זיך קושן מיט קילע וואַסערן אין אַ הייסן
טאָג, ווען די זון ברייט און בראָט. פרייד
פֿון טיפֿע ליידן, וואָס מאַכן ריין די נשמה — — —
פרייד פון ווערן איינס מיט אַלעמען דורך אַ ליכטיקער
וויזיע — —
פרייד פון אויפנעמען מוטיק און גרוים
דעם געדאַנק צו ווערן אוים — — —

## באַשאַף

מיליאָנען יאָרן האָסטו זיך געברענט אין פלאַמען,
כדי זאָלסט האָבן חן. מיליאָנען וואַסערן האָבן דיך
געוואַשן. כדי זאָלסט ווערן שיין.
מיט דער אורקראַפט פון אירע הענט
האָט די אייביקע מאַמע געפורעמט דיינע ווענט.
די צייט האָט פאַרהיילט דיינע אַמאָליקע
וואונדן אין דיינע ריזן־גלידער צונויפגעבונדן.
אַ וואונדער־האַנט האָט דיין הויט באַמאָלן —
דיין שטאָלצן קאָפּ פאַרפלאָכטן מיט צעפּ,
וואָס שלענגלען זיך אַראָפּ אין די טאָלן.
די טייכן זענען דיינע לויטערע אויגן...
זיי שפּיגלען אָפּ דעם הימל מיטן רעגנבויגן.
די ווינטן קעמען דיינע ברעמען.
יעדע נאָכט שלינגסטו איין אַ נייע זון —
אין פרימאָרגן שיינט זי אויף אין דיינע אויגן.
דיין שוים איז גרוים און מיט אַ גרינער
הויט באַצויגן.
דיין האַרץ איז אָפן... פאַר יעדן מיט דיר
זיך צו באַהעפטן —
דו קאָנסט אַלעמען באַנייען
מיט היילנדיקע קרעפטן — — —

## ניי - יום - טוב

אין דער ווייטער ווייט בליט די צייט:
ווען מענטשן וועלן מער נישט פירן קיין שלאַכטן
און ניט פייניקן זיך מיט אייגן געמאַכטן צער.
וועלן זיי פון דער וועלט אויסברענען
דעם ליגן... און איינער די אַנדערע מער ניט
באַטריגן — —
דעמאָלט וועלן זיי ווי פייגל פליען צו די
פרידלעכע פעסטונגען פון יאָסעמיטי — — —
סיי גרייז, סיי קינד וועלן קלעטערן
אויף די קעפּ פון די שטיינערנע ריזן —
געצוואָגן פון רעגן, געגלעט פון ווינט.
אין דיין שוים, אוואַני, וועלן זיי טאַנצן
דעם טאַנץ פון אַ נייעם יום-טוב!
דעם טאַנץ פון ווערן ניי און פריי!
מחנות וועלן מער ניט עולה-רגל-זיין
צו הייליקן קברים מיט געבעט —
נאָר פון אַלע לענדער און שטעט וועלן
מיליאָנען מענטשן אַהערקומען, זיך צו פרייען
מיט יאָסעמיטים בערג,ביימער און בלומען.
אין איר גרויסקייט וועלן זיי פאַרגעסן
וואָס מיאוס און קליין — —
דורכן צויבער פון איר שיינקייט
אַליין ווערן שיין — — —



די געהאָנגענע     פון שלמה וויטקעוויץ

# קריטיק

## צווייטער טייל

# איציק מאַנגער
## דער דיכטער פון עקסטאַז

מיין שיינקייט איז אַ מעסער
וואָס שניידט אין האַרץ אַריין,
מיין צער — צוויי בלויע ליפּן
איבער אַ קריגל וויין.

(פון מאַנגערס אויטאָ־פּאָרטרעט)

דער דיכטער עדגאַר עלען פּאָו האָט געשריבן טעאָרעטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן פּאָעזיע און ער האָט דעפינירט: „אַ ליד איז בלויז אויף אַזוי פיל אַ ליד, אויף וויפיל עס ברענגט אַריין אין עקסטאַז און דערהייבט די נשמה. און יעדער שטאַרקער עקסטאַז מוז צוליב אַ פּסיכישער נויטווענדיקייט זיין קורץ". און ער דערקלערט ווייטער:

„דער גראַד פון עקסטאַז וואָס וואָלט אַ ליד באַרעכטיקט אָנגערופן צו ווערן פּאָעזיע, קאָן ניט אָנגעהאַלטן ווערן אין אַ קאָמפּאָזיציע וואָס איז זייער לאַנג". און ער באַטאָנט:

„איך האַלט אַז אַ לאַנג ליד עקזיסטירט ניט. איך נעם אָן, אַז די פראַזע „אַ לאַנג ליד" איז אַן אויבערפלעכלעכע סתירה, וואָס מיר רופן אַ לאַנג ליד איז פּאַקטיש בלויז אַ סעריע פון קורצע לידער."

איציק מאַנגער איז דער דיכטער לויט פּאָוס אידעאַל — ער זינגט אין עקסטאַז, ער האָט ניט קיין לאַנגע פּאָעמעס. די מערסטע לידער זיינע זענען קורץ און שניידן זיך מיט שיינקייט אין האַרץ אַריין. מאַנגער צויבערט מיט אַ באַזיגטן צער... מאַניעט מיט אַלערליי אויסטערלישקייטן און שטיפעררייען, וואָס האָבן אַ באַזונדערן חן. די פאַרבן פון רעגנבויגן שימערירן אין מאַנגערס פערזן. זיין האַרץ איז אַ פידל און ער שפּילט אויף אַלע אירע סטרונעס. די לידער וואָס ער שפּילט אויס זענען רייך אין מעלאָדיעס — אָבער אַמאָל הערט מען אין זיי אויך שניידנדיקע דיסקאָרדן — —

איציק מאַנגער איז אַ גרויסע דערשיינונג אין דער יידישער פּאָעזיע. ער איז דער פּאָעט וואָס קאָן זיך וואונדערלעך שפּילן — שפּילן מיט אַ קאַפּריז, מיט אַ זעלטענעם איינפאַל, מיט צאַרטן הומאָר, מיט סאַטיריש־ציניש איקאָנאָקלאַזם. ער איז אין דער טראַדיציע פון משה נאַדיר און משה לייבן, זיי האָבן זיך געקענט קרעאַטיוו שפּילן אין זייער שרייבן. זיי האָבן געוואָגט צו זיין אינטים־מענטשלעך אין זייער שאַפן — —

דאָס יידישע ליד איז פאַר אַ צייט געווען באַלאָדן מיט פאָלקס־צער, מיט טרויער און טרערן. דער יידישער פּאָעט האָט זיך פאַרנומען מיט ערנסט פּאַרקלערטע מאָטיוון, זעלטן געהאַט דאָס געמיט פאַר לייכטן שפּיל אין דער דיכטונג. דער גרויסער דיכטער מאָריס ראָזענפעלד האָט אין איינע פון זיינע לידער זיך אָנגערופן: „טרערן־מיליאָנער". און דער גייסטרייכער י. ל. פּרץ האָט געשריבן, אַז זיין מוזע: „זי שרייט נאָר, און זי שעלט."

מאַנגערס מוזע האָט פיינט טרערן — זיי מאַכן הילפלאָז, און דער מענטש דאַרף זיך קרעפטיקן צו דערהייבנקייט. מאַנגערס מוזע שרייט נישט, נאָר רייצט, ברענט, שטיפט און אינספּירירט צום שפּיל. מאַנגער מיידט אויס אין זיינע לידער באַוואוסטזיניק דאָס וואָרט: טרערן.

אין איינע פון זיינע קלוג־פאַרטראַכטע סעריעס לידער, האָט ער אַ ליד מיט אַן עכט־מאַנגערישן נאָמען:

„אַנאַקרעאָן פאַרבעט איציק מאַנגער אויף אַ גלעזל משקה."

אין דעם ליד מאַכט ער דעם אַמאָליקן גריכישן פּאָעט, ער זאָל אים, מאַנגערן, ווי אַ געטרייער קאָלעגע, אָנזאָגן:

איציק היט דיין ליד פאַר שאָטן,
זיי נישט אַזאַ לעקיש־בער;
גיב דיין ליד אַ טראָפּן יין,
נאָר פאַרהיט עס פון אַ טרער.

אין זיינע לידער איז דאָ די קלוגע וואוילויונגערישקייט, דער פלינקער זשעסט פונעם קינסטלער, דער פלאַטער פון אייביקער יוגנטלעכקייט, און פאַרשייטקייט. מאַנגער האָט ליב גרינג־האַרציק לוסטיק צומאַכן און אויסשפּאַסן הייליקייט. ער נעמט שווערע ערנסטע מאָטיוון און מאַכט זיי לייכט מיט זיין פלינק־פליענדיק וואָרט.

דאָס מיינט נישט, אַז ביי אים איז נישטאָ קיין טראַגיש־פאַרטראַכטע מאָטיוון. זיין „באַלאַדע פון דעם לייזיקן מיט דעם געקרייציקטן", איז געצייכנט טאַקע מיט אַ ציטערדיקער האַנט, אָבער איז אַ ליכטיקע וויזיע פון צוויי יידישע געשטאַלטן. דער געקרייציקטער יעזוס איז אַ יידישע מאַרטירער־געשטאַלט, וויפיל מיר זאָלן זי נישט וועלן פאַרשטויסן — — די קריסטן האָבן גענומען דעם געקרייציקטן פאַר אַ מיסטישן סימבאָל פון ליידן און האַלטן

זיך מיט אים אין איין מאַסקירן... עכטע יעזוס-נאָכפֿאָלגער זענען ביי זיי אַ זעלטנהייט — — דער סימבאָל פון מאַרטירערטום איז מער כאַראַקטעריסטיש פאַרן יידישן פאָלק, וואָס איז פאַר טויזנטער יאָרן געוואָרן פאַרפאָלגט, געפייניקט און ווערט געפייניקט ביז היינט צו-טאָג.

דער בעטלער איז ביי יידן אויך אַ וויכטיקע געשטאַלט. דער בעטלער, לויט דער יידיש-עטישער אויפֿפֿאַסונג, איז דער ערלעכ-סטער מענטש צווישן מענטשן — — ער איז רייך — ווייל ער פאַר-מאָגט גאָרנישט... משיח, לויט דער יידישער לעגענדע, גייט אַרום אין שמאַטעס — פאַרשטעלט ווי אַ בעטלער — — —

מאַנגער האָט צונויפֿגעפֿירט די צוויי פֿאַטאַלע געשטאַלטן, זיי אויפגעלעבט אין אַ האַלב שפּילעוודיקן טאָן, אָבער ווי אין אַ צויבער-שפּיגל זעען מיר דורך דער וויזיע דעם טראַגישן כאַראַקטער פונעם יידישן גורל — — —

מאַנגערס סימבאָליש געשטאַלט פֿון „איוואַן דעם שיכור”, איז אפשר אַ מייסטער-שאַפונג, וואָס האָט נישט קיין גלייכן אין דער יידישער פּאָעזיע. (די עטלעכע פערווערזע אויסדרוקן פון דעם שיכורס מויל, זענען איבעריק — זיי שטערן די האַרמאָניע פֿון דעם ליד).

אין דער באַלאַדע: „די תפילה פון איוואַן דעם שיכור”, קומט פאָר אַ פּסיכיש-דראַמאַטישע פאַרוואַנדלונג. דער באַטרונקענער איוואַן שפּילט זיך אַריין אין אַזאַ הויכן עקסטאַז, (אונטער דער ווירקונג פון שיכרות), אַז אים ווילט זיך ווערן גאָט. ער שלאָגט פאָר דעם באַשעפער אַ בייט: גאָט זאָל ווערן איוואַן און ער וועט ווערן גאָט. ווי אַ גאָט, זאָגט צו דער שיכורער איוואַן, וועט ער באַווייזן „דעם שענסטן נס”. ער וועט בעטן „איצקאַן דעם פּאָעט, ער זאָל אונדז באַשרייבן אין אַ ליד און מאַריושאַ וועט עס זינגען אויפֿן קויל”. אויף אַזאַ אופן וועלן זיי ביידע — ער און גאָט — ווערן אומשטערב-לעך.

מאַנגער אַליין זאָגט אויס: „ס'איז אַ שפּיל אַזאַ”.

די אידייע איז דאָ: אַז דער מענטש ווערט אומשטערבלעך דורך דער קונסט... אפילו גאָט ווערט פאַראייביקט דורך דער קרעאַטיווער וויזיע פון דעם מענטש, דעם קינסטלער. דער באַשע-פער און דאָס געשאַפענע, דאָס גאַנצע מיסטעריעזע זיין פון דעם אוניווערז איז אַ וואונדערלעך „שפּיל אַזאַ”...

מאַנגער איז פון די זעלטענע פּאָעטן, וואָס קאָן אין דער ענגער ראַם פון אַ ליריש ליד אויסשפּילן **אינערלעכע פּאַרוואַנדלונג**. דורך דער פּאַרוואַנדלונג קאָן ער אויפלייכטן אַ טיפע אידייע, אַן אויסער־געוויינלעך פּאָעטישע שטימונג.

אין זיין צויבער־ליד: „די באַלאַדע פון דעם אָרעמען ייד וואָס איז דערגאַנגען פון גרוי ביז בלוי", קומט פאָר די וואונדערלעכע פּאַרוואַנדלונג סיי אין דעם אינערלעכן געמיט פון די געשילדערטע מענטשן און סיי אין דעם אַרומיקן דרויסן וואו די געשטאַלטן געפינען זיך. דורכצופירן קינסטלעריש די מעטאַמאָרפאָזע נוצט ער דעם מינימום פון מיטלען. די סיטואַציע און די האַנדלונג כישופן פון זיך אַליין אַרויס דאָס דערהייבענע געמיט, וואָס שאַפט אַלץ איבער און פאַרוואַנדלט אַלצדינג אין שיינקייט — — ווי דורך אַ וואונדער וואַקסט אויס די ראָמאַנטיש־וויזיאָנערישע בלויע בלום.

אַ ייד גייט אין אַ גרויען טאָג אויף אַ גרויען וועג; זיין שטעקן איז גרוי, די טאָרבע גרוי. דער הימל איז גרוי. אַפילו דער בוים, ביי וועלכן דער ייד שטעלט זיך תפילה טאָן, איז אויך גרוי. נעבן דער אַכסניא שטייט אַ בלאָנדע פרוי אין אַ בלויער קלייד. דערזעענדיק די בלאָנדע פרוי, „ווערן די אויגן ביים ייד דורשטיק און גרויס. טרינקען זיינע אויגן די בלויקייט אויס". (די ערשטע סוגעסטיע).

זאָגט צו אים די פרוי: „קומט אויף אַ ווייל צו אונדז אַריין". דער ייד גייט אַריין „אין שטוב מיט בלוי־געקאַלכטע ווענט". (די צווייטע סוגעסטיע). דער שענקער דערציילט זיין יינגעלע פון אַ לע־גענדאַריש קעניגרייך, וואָס איז אַרומגערינגלט מיט אַ בלויען טייך. דער ייד ווערט פון בלויקייט מיד און שלאָפט איין. אין חלום דערזעט ער דאָס בלויע קעניגרייך — — (דריטע סוגעסטיע). דער שענקער וועקט אים אויף: עס וואַרט אויף אים דער שליאַך — אָבער ווי דורך אַ כישוף איז אויך אין דרויסן אַלצדינג געוואָרן בלוי; דער פויגל, וואָס פליט פאַרביי, איז בלוי, און דאָס פעלד און דער וואַלד און דער טייך זענען בלוי. און דאָס געמיט פון דעם יידן איז אויך גע־וואָרן הימליש בלוי — — —

דאָ האָבן מיר אַ געלונגענעם מוסטער פון **קינסטלערישן כישוף, וואָס קאָן וויזיאָנעריש פאַרוואַנדלען די שטימונג** פון דער מענטשלע־כער נשמה און זי פירן פון צער צו פרייד...

מאַנגער האָט אין דער באַלאַדע זיך באַדאַרפט באַנוגענען מיט די דריי סוגעסטיעס, וואָס פירן פון גרוי ביז בלוי — האָט ער גראָד אין דעם וואונדערלעכן ליד געגעבן מער ווי ס'איז געווען נייטיק.

אָבער דאָס פאַרקלענערט נישט דעם ווערט פון דעם ווערק. אַ ווערק קאָן זיין גרויס, האָבנדיק אפילו גרויסע חסרונות — — מאַנגערס באַלאַדן פאַרמאָגן אַ כישוף, וואָס לויכט אויף די פאַנטאַזיע און פאַרשאַפט אַ באַזונדערע פרייד — — אויך אין רעאַלן לעבן איז דאָ כישוף, וואָס ווערט זעלטן גענוצט פאַר גוטע צוועקן. מיט געהעריקן אידעאַליזם וואָלט מען מיטן כישוף אין מענטש געקאָנט ווירקן צו דערגיין צו גאָר געהייבענע דערגרייכונגען.

אין דער מאָדערנער יידישער פּאָעזיע האָט מ. ל. האַלפּערן געשאַפן וויזיאָנערישע געשטאַלטן. (ווי דאָס האָט אָנגעוויזן דער מער־נישט־דאָ־איקער קריטיקער ב. ריווקין). אויך דער פּאָעט מאַני לייב האָט אַ ריי גשעטאַלטן אין דער יידישער פּאָעזיע. אין זיין בוך: „די לאַנגע נאַכט", האָט דער דיכטער אליעזר גרינבערג פיין באַלויכטן די היסטאָרישע געשטאַלט פון דעם פילזייטיקן זשעני לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי.

אין זיין פּרעכטיק בוך: „קענטאַקי", האָט י. י. שוואַרץ געשאַפן אַ גאַנצע ריי געשטאַלטן, וואָס באַרייכערן די פּאָעזיע.

יעקב גלאַטשטיינס: „דער בראַצלאַווער", איז אַן אינטערעסאַנט סוביעקטיוו פּאָרטראַכט געשטאַלט, כאָטש מען קאָן זיין געשטאַלט זען בלויז מיטן אויג פון געדאַנק — —

אין אָנהייב פון זיין שאַפן איז מאַנגער געווען באַווירקט פון אַ סך קוואַלן און אוצרות אין דער יידישער שפּראַך. אין זיינע ערשטע טריט האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אָן די צוויי לייבן: משה לייב און מאַני לייב. ער איז דערמוטיקט געוואָרן פון משה נאַדירס שפּראַך־ווירטואָזיטעט, זיין פרייען זשעסט, זיין געוואַגטקייט און שפּילעוודיקייט. ער איז אַפילו געוואָרן באַווירקט פון נאַדירס סאַטיריש־ציניש שמייכל, וואָס האָט זיך טייל מאָל צעקרימט ביז טרויער, ביז פאַרצווייפלונג. ביי מאַנגערן קומט דער ציניזם טיילווייז פון דעם געפּיל פאַר שפּיל — זיך צו רייצן מיט דער הייליקער אָנשטענדיקייט — וואָס איז אין תוך גאָר נישט אַזוי הייליק אָנשטענדיק — —

מאַנגער איז נישט נאָר באַווירקט פונעם קוואַל פון יידישן פאָלקס־ליד, נאָר פיל גענערט פון דער יידישער פּאָעזיע. אַלץ וואָס איז שעפעריש אין דער יידישער שפּראַך האָט ער אין זיך אַסימילירט. ער האָט אויך איינגעאָטעמט די בעסטע לופט פון דער וועלט־ליטעראַטור. אַזעלכע לידער ווי מאַנגערס קאָן מען נישט שאַפן, ווען מען איז נישט באַלאָדן מיט די גייסטיקע אוצרות פון די צייטן.

טאַלאַנט פֿאַלט נישט פֿאַרטיק פֿון הימל ווי מן — — צום טאַלאַנט מוז מען נאָך שווער האָרעווען כדי צו באַשאַפֿן אַ ווערק. היינע גיט טאַקע אָנצוהערן, אַז די מוזע האָט פֿיינט שוויים, אָבער זי פֿאָדערט דאָס גאַנצע האַרץ — — קאַריעריסטן און רייכטום־זוכער שאַפֿן נישט קיין פּאָעזיע — אפֿילו ווען זיי גראַגערן מיט פֿערזן... זיי קריגן פּאָזיציע, מאַכט, אָבער די געטין פֿון פּאָעזיע וויכט פֿון זיי — — זיי ווערן פֿאַרגעסן.

ס׳דאַרף ווערן קלאָר, אַז ס׳איז נישט קיין צופֿאַל — דער עכטער פּאָעט לענקט אַזוי זיינע טריט, אַז ס׳זאָל פֿאַר אים מעגלעך ווערן צו דערגרייכן זיין אידעאַלן ציל... צו קענען שאַפֿן. אַזעלכע לידער ווי מאַנגערס פֿאַרפֿאַסט מען נישט — נאָר מען פֿיבערט זיי אויס אין דעם אייגענעם בלוט... זיי ווערן אָנגעגליט אין דעם לויטערן פֿייער פֿון אייגענעם עקסטאַז — — —

ב

די סביבה פֿון אַ יידישן דיכטער גיט אים גענוג פֿייער־פֿונקען אויפֿצולייכטן זיין טאַלאַנט, אָבער גיט נישט גענוג לופֿט און פֿרייען רוים צו קענען אויסוואַקסן און רייף ווערן — — דער דיכטער ה. רויזענבלאַט איז אַ מזלדיקער אויסנאַם — אים האָט אָפּגעגליקט, וואָס ער האָט אויסגעקליבן די ליכטיקע קאַליפֿאָרניע פֿאַר זיין לעבנס־סביבה, איז ער דערפֿאַר דיכטעריש אויסגעוואַקסן און רייף געוואָרן. דורכשניטלעך איז ביי אונדז טאַלאַנט אויסגעזעצט צו גיין האַלב־וועג — — דערנאָך צו בלייבן שטיין און זיך דרייען אין אַ פֿאַרכישופֿטן קרייז — מיט דער צייט פֿאַרהויקערט ווערן... און לאַנגזאַם איינדאַרן — —

אַזוי איז געשען מיט א. מ. ווייסנבערג, מיט ל. שאַפּיראָ, מ. ל. האַלפּערן, משה נאַדיר, א. ראַבאָי, ברוך גלאַזמאַן און ב. ריווקין.

הענגט דער זעלבער פּאַטום אויך איבער מאַנגערן?

מיט אַלע זיינע הויכע דערגרייכונגען האָט מאַנגער נאָך נישט דערגרייכט די גרויסקייט פֿון זיין אייגענעם טאַלאַנט — — (אין דעם פֿאַל איז ער ענלעך צו מאַני לייבן).

פּרעכטיקע לידער זענען צעשפּרייט אין אַלע מאַנגערס ביכער, ער האָט געוואונען פֿאַרערער צווישן די בעסערע לייענער פֿון דער יידישער פּאָעזיע — — אָבער איז דאָס שוין זיין העכסטער דער־גרייך? וואו איז זיין מאַגנום אָפּוס?

וואו איז דאָס ווערק וועגן דעם טראַגישן גורל פון יידיש — זשאַר־גאון? (נישט זשאַרגאָן...). שפּראַך איז די גרעסטע שאַ־פונג פון אַ פאָלק, — יידיש איז די גאונות פון דעם יידישן פאָלק —— יידיש ווי אַ שפּראַך איז אָרגאַניש פאַר יידן — — קיין אַנדער שפּראַך האָט דאָס יידישע פאָלק נישט געקרוינט מיטן נאָמען יידיש... אין דער פאַרשפּאָטער שפּראַך איז פאַרבאָרגן די גייסטיקע ענערגיע פון פילע דורות — — זאָל מען דערלאָזן אַזאַ רייכן אוצר אויסצאַנקען? און וואו איז דאָס אויפשוידערענדיקע וואָרט וועגן דעם גרעסטן בראָך פון יידישן פאָלק? די וואָס האָבן אַליין געליטן פון דער קאַ־טאַסטראָפע, קענען עס נישט, ווייזט אוים אויסדריקן.

גרויסע ליידן דערפירן נישט אַלע מאָל צו גרוים טאַלאַנט. די נאַצישע סביבה פון רשעות און רציחה האָט בלויז געקאָנט אומ־ברענגען, אָבער נישט אינספּירירן צום שאַפן — —

וואו איז דאָס ווערק מיט אַ פּראָטעסט קעגן די מליצה־הענדלער וואָס האָבן פאַרשאַכער־מאַכערט דאָס יידישע וואָרט?

וואו איז דער אויסגעשריי קעגן דעם מאַסקירטן רשע... וואָס אומעטום פאַרכאַפּט ער די שליסלען צום לעבן? און טיילט אויס ברעקלעך צו די, וואָס זענען אים אונטערטעניק — —

ווערלוול זבאַרזשערם בריוו צו דער שיינער מלכהלע זענען זים אויסגעהלומטע שטימונגען, עס טריפט פון זיי מילך און האָ־ניק — זיי דערקוויקן מיט ליבשאַפט און חן — — מאַנגערס ראָמאַנ־טיק — ביים טיש — טרינקנדיק זויערן ווייַן — אָבער שיכור ווערן פון זיי... ווערט מען נישט — —

די חומש־לידער זענען פיין אויסגעצויבערטע **ביבלישע מאַרי־אָנעטן** — וואָס שפּילן אויס דעם אַלטן מיטאָס מיט היסטאָריש יידישע געשטאַלטן; די העלדן ווערן אונדז נאָענט און אייגן — — דער קלוגער רעזשיסאָר איז דער מאַגיקער־פּאָעט מאַנגער, מיט אַ וואוילייגגערישן וואונק אין אויג... אַרויסצורופן הומאָר. אָבער פאַראַנקערן דעם גייסט צו אַזעלכע שפּילעוודיקע מאַריאָנעטן קאָן מען נישט — — בויען אַ ליכט־טורעם אין דעם ים פון מענטשלעכע ליידן, קאָן מען אויך נישט — — —

האָט מאַנגער מורא צו רעאַגירן אויף וועלט־טראַגעדיעס? שטייט אים אין וועג די עסטעטישע ראָמאַנטיק? אַ דיכטער דאַרף אויפגעציטערט ווערן פון די טראַגעדיעס פון זיין צייט ביז אין די טיפענישן פון זיין נשמה... און ווערן זייער אויפלייכטער — זייער פאַראייביקער... — — —

אין זיין אויטאָ-פּאָרטרעט זאָגט דער דיכטער וועגן זיך:

**ער האָט ליב די שטערן,**
**ווייל זיי זענען פרעמד.**

דעם ראָמאַנטיקער רייצט דאָס פרעמדע, ווייל ס'איז ווייט — דאָס נאָענטע איז פאַר אים וואָכעדיק, טעמפּ און צו שווער באַ־לאָדן — — מיט דער נאָענטער ווירקלעכקייט דאַרף דער קינסטלער זיך שטאַרק ראַנגלען בייצוקומען איר טעמפּקייט זי צו קאָנען קינסט־לעריש געשטאַלטן...

מאַנגער איז פאַרכישופט פון דעם אייביקן חן — באַרוישט פון דער ראָמאַנטישער וויזיע... וואָס כישופט, רייצט מיט שיינ־קייט און אַמאָל פאַרפירט...

אויך דער גרויסער פרץ איז געווען אַ ראָמאַנטיקער — ער האָט אָבער געהאַט אַ געהיימע טיר צום **טיפן רעאַליזם** — — די ראָמאַנ־טיק איז טאַקע אָן אַ גרעניץ — אָבער דער ראָמאַנטיקער איז אין געפאַר צו ווערן באַגרעניצט — — —

אפשר דורך דעם איז דער פאַרצוויבערטער צוויבערער געקומען צו אַ פאַטאַלער גרעניץ... און קען ניט גיין ווייטער אין זיין שאַפן?

דאָס פרעמדע און ווייטע רייצט, ווייל עס פיבערט מיט נאָס־טאַלגיע און פירט צו עסקעיפּיזם — —

דער מענטש דאַרף אָבער ווערן וואַך צו דער ווירקלעכקייט — כדי זי צו קאָנען איבערשאַפן — — —

מאַנגער קאָן מאָדעלירן דאָס רעאַלע ווי דאָס אויסגעצויבערטע — ביי אים מישן זיך אָפטמאָל צונויף דאָס רעאַלע מיטן פאַנ־טאַסטישן ווי ביים מאָלער מאַרק שאַגאַל. אויב דאָס רעאַלע איז צו רוי, צו ברוטאַל, אומעסטעטיש פאַרן דיכטער-עסטעט — קאָן ער עס ליי־טערן מיט זיין קרעאַטיווער פאַנטאַזיע, פאַרכישופן מיטן קינסטלע־רישן וואָרט. ער האָט די מיטלען: געוואַגקייט, אַ ליכטיקע וויזיע, רע־ליגיעזיטעט, שטיפעריש לעסטערונג און אפילו שאַרפן ציניזם.

מאַנגער שטורכעט טיילמאָל די ראָמאַנטיק מיט די עלענ־בויגנס פון זיין ציניזם — אָבער די קלעפּ זענען צו שוואַכע...

אפילו דער קלוגסטער ציניזם איז אין תוך נעגאַטיוו — מען קאָן מיט אים ווייט נישט דערגרייכן... ס'איז טשיקאַווע ווי די עקסטרעמען קומען זיך צונויף: די איידעלע געטין פון ראָמאַנטיק, פירט אַמאָל דעם ראָמאַנטיקער צו גאָר גרעבלעכער ציניזשקייט — — —

דער ציניקער האָט אַ נאָענטע קרובהשאַפט מיט פּערווערזיטעט — און פּערווערזיטעט איז פּאַטאָלאָגיש. דער חכם-ציניקער ווייסט, אַז מען קאָן אַלץ אויפלייזן ביז נישטיקייט — ער ווייס אָבער נישט, אַז אויך די נישטיקייט איז די קרעאַציע פון גייסט... איז נעגאַטי־ווער גייסט.

וואָס איז מאַנגערס פּאָעטישער גלויבן? זיין סוד פון קרע־אַציע? **די שיינקייט פון וואונדער.** יעדער עכטער פּאָעט וואונדערט זיך איבער אַלץ — ווי די וועלט וואָלט פאַר אים אויפסניי באַשאַפן געוואָרן.

מאַנגער גלויבט, אַז די שיינקייט קאָן אויסגלעטן די קנייטשן פון צער — — צער באַשווערט דעם גייסט, איז ענג-פּאָקוסדיק און לאָזט נישט זען קיין וואונדער.

אין זיין פּרעכטיקער „באַלאַדע פון פּאַדאָליער רב", דעפינירט דער דיכטער אַליין זיין פּאָעטישע קרעדאָ. ער זאָגט:

**ווידוי איז צער און צער איז געוויין,**
**און געוויין פאַלט אויף דער ערד ווי אַ פלעק,**
**וואָס גנבעט דעם חן פון וואונדער אַוועק.**

דאָס איז מאַנגערס באַצי צו צער, שיינקייט און וואונדער. צער איז ווירקלעכקייט און זי פאַלט אין דער דיכטונג ווי אַ פלעק — דער פּאָעט דאַרף, לויט מאַנגערן, די ווירקלעכקייט אויסמיידן, אויב ער וויל דערגיין צו שיינקייט און וואונדער. דאָס איז דער עסענץ פון מאַנגערס דיכטערישער קרעדאָ: נית רעאַליזם — נאָר ראָ־מאַנטיק — —

אָבער דער דיכטער ווייסט דאָך, אַז דער **וואונדער פון מיאוס־קייט** אין דער פּאָעזיע איז אויך נישט קיין קלענער ענין... נישט בלויז בלומען און שטערן, שיינקייט און ליבשאַפט, נאָר אויך **מיסט און מיאוסקייט,** האַס און **רציחה** געהערן אויך אין דער ראָם פון גרויסער פּאָעזיע — —

זינט פּאָו האָט געשריבן זיין עסיי: „פּרינציפּן פון פּאָעזיע", האָט דער באַגריף וועגן דיכטונג זיך פיל געביטן. די היינטיקע פּאָעזיע איז איינפאַכער אין פאָרם און פּסיכאָלאָגיש טיפער אין אינהאַלט. די היינטיקע פּאָעזיע נעמט אַרום אַ סך מער אַלערליי־אַרטיקע מאָטיוון, ווי די פּאָעזיע פון אַמאָל. באַדלערס פרישער טיפער אינהאַלט און וואָלט וויטמאַנס נייע פרייע פאָרם האָט דער־צו אַ סך צוגעהאָלפן.

מ. ל. האַלפּערן האָט דאָס געפילט און געוואוסט — כאָטש נישט זייער קלאָר... דערפאַר האָט זיך ביי אים טיילמאָל געמישט ראָמאַנטיק מיט רעאַליזם — — אָבער זיין שטאַרקייט איז געקומען פונעם **טראַגישן רעאַליזם**, נישט פון זיין סענטימענטאַלער ראָמאַנטיק... נאָר אין די לעצטע יאָרן פון זיין ראַנגלען זיך מיט דער ברוטאַלער ווירקלייכקייט, מיט דער ליגנערישער סביבה, מיטן פּראָבלעם פון זיין און אויפהערן, איז האַלפּערן געקומען צום טיפן וועלט-באַוואוסטזיין אין זיין דיכטונג. ליידער איז ער אַוועק צו פרי אין דער אייביקייט. ער איז דערוואָרגן געוואָרן אין דער שטיקנדיקער סביבה פון קאַריעריסטן און קאָרטן-שפּילער, פון מליצה-הענדלער און גרימירטע צדיקים — —

דער דיכטער מאַנגער דאַרף זיך שטעלן קעגן זיי — עס זאָל ווערן פרייער רוים און ריינע לופט פאַרן **יידישן פּאָעט** — —

אַ גרויסער דיכטער דאַרף נישט בלויז דינען צו דער געטין פון שיינקייט און זיך שפּילן און פאַרשפּילן אַנדערע — ער דאַרף אויך קעמפן... ווען ס'איז נייטיק קאַמף — — נאָר פריער דאַרף ער **אַרבעטען איבער** זיך... זיך איינשפּאַנען אין אמתער מענטש-לעכקייט — — שטרעבן צו ווערן **אַן אויסגעהאַלטענע פּערזענלעכ-קייט** — ביים שאַפן דאָס ליד זאָל דער דיכטער זיך **אַליין איבער-שאַפן** — — — דאָס פיינע וואָרט איז בלויז **אַ וועקסל אויף פיינע מעשים** — דער וואָס צאָלט נישט זיין וועקסל פּירט צו באַנק-ראָט — — — ער דאַרף דערגיין צו דער **ליכטיקער וויזיע** — צום גרויסן ווילן איבערצושאַפן די מענטשן.

אינטערעסאַנט, וואָס ביי מאַנגערן וואַרפט זיך נישט אין די אויגן דער גלאַנץ פון מייסטערשאַפט. זיין שאַפן איז אַזוי עכט, אַז מען פאַרגעסט ס'איז קונסט — — אין זיינע לידער איז ניט אַקצענ-טירט דער אויפטו פון טעכנישער ווירטואָזיטעט — כאָטש ער איז אַ מייסטער פון וואָרט און ריטם, אימאַזש און קלאַנג, און דאָס וואונ-דערלעכע צונויפוועבן פון לעגענדע מיט זאַכלעכקייט. די טעקסטור פון זיין ליד איז רייך אין פאָרמען און פאַרבן, ווי אַן אָריענטאַלישע מאָזאַאיק געמאָלן פון אַ דעלאַקרואַ. דערצו איז דער פערז אַזוי נאַ-טירלעך ווי דער ווינט, ווי די כוואַליעס פון ים, ווי דער קוש פון אַ מאַמע. עכטע קונסט איז דאָרט וואו מען זעט די קונסט אַמווי-ניקסטן — — —

ווי ניט געקינצלט און טיף-טרעפלעך ער גיט איבער זיין פּאַ-

עטישע מעדיטאַציע וועגן דעם גורל פון שטומע זאַכן — וואָס האָבן זייער אייגנאַרטיק לעבן און זייער אייגענעם וויי:

אַ יעדער רויז בלוטיקט אויף איר דאָרן,
די קאָסע זינגט שניידנדיק דאָס קאָרן.

אַזעלכע שורות קאָן נישט שרייבן קיין געוויינלעכער דיכ־טער — נאָר איינער וואָס ציט אַ סטרונע פון די צייטן...

דער פּאָעט איציק מאַנגער איז אַ פּראָדוקט פון דעם רייכן אוצר פון דער יידישער פּאָעזיע — איר שטאַרקער ווירקונג אויף דעם סענסיטיוון גייסט, וואָס איז געוועז רייף באַפרוכפּערט צו ווערן. ער קאָן שוין איצט זיין שפּראַך־רייכער ווי משה נאַדיר, גראָטעסקער ווי מ. ל. האַלפּערן, צאַרטער ווי מאַני לייב, פרומער ווי י. ראָלניק, ראַפינירטער ווי זישא לאַנדוי און קליגער ווי גלאַטשטיין. ער שטייט אויפן טורעם וואָס זיי האָבן צוזאַמען אויפגעבויט — — אים איז שוין לייכט צו פליען, ער איז נעענטער צו די הימלען... אַמאָל הייבט ער זיך אויף צו די שטערן — אַמאָל פאַלט ער אין אַן אָפּ־גרונט — — אָבער אומעטום בלייבט ער געטריי זיך אַליין... צו זיין מיסטעריעזן ליכט, וואָס ברענט מיטן פייער פון אייביקייט... דאָס געהיימע פייער צינדט זיין עקסטאַז פאַר געזאַנג, פאַר שפּיל, פאַר רעליגיעזיטעט, דאָס געהיימע פייער גיט אים כוח זיך צו דערהייבן צום „חן פון וואונדער" און קענען קעמפן און באַ־קעמפן דעם צער... צו ווערן דער צויבערער און פאַרצויבערן דאָס יידישע וואָרט מיט ליבשאַפט און פרייד.

ווער ווייס צי די שטים פון פאָלק איז די שטים פון גאָט — אָבער די שטים פון אַ פּאָעט איז טיף מענטשלעך און דערפאַר אויך געטלעך... איבערהויפּט די שטים פון אַ דיכטער וואָס זינגט פון לירישן עקסטאַז — — —

---

יעקב גלאַטשטיין אין זיין „ברוך הבא איציק מאַנגער"! שרייבט אין „יידישן קעמפער" פון 18טן מאַי, 1951:

„ער (מאַנגער) איז גלייך געקומען צו דער יידישער פּאָעזיע מיט אַן אייגענעם רעגנשירעם. אויף אים האָט דערפאַר נישט קיין שליטה קיין קריטיק. אים באַגלייטן די גוטע מלאכים, זיינע טויזנטער לייע־נערס."

וואָס עפּעס אַזאַ מורא פאַר קריטיק? מען זאָל דאַרפן זיין באַשיצט פון אַ „רעגנשירעם און גוטע מלאכים, די טויזנטער לייענערס". ווער זענען דאָס די לייענערס? אַ גוטער קריטיקער איז אויך אַ לייענער — נאָר אַ קרעאַטיוועך...

# קאַדיע מאָלאָדאָסקיס לידער

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי האָט אָנגעהויבן איר שאַפן מיט אַ ספּאָנ־טאַנער שפּראַך, געשריבן מיט לעבעדיקע ווערטער — וואָס יעדער באַנוצט אין טאָג־טעגלעכן לעבן. דאָס איז געווען זייער אַ וויכטיקע מעלה, נאָך מער: אונטער די פּשוטע ווערטער איז געווען אַ פּאָעטיש געמיט און די געוואַגטקייט פון אַן אינטענסיווער דיכטערין.

אין איר צווייטן בוך לידער, וואָס הייסט: „דזשיקע גאַס". זעט מען אַז די דיכטערין האָט אַן אייגענעם צוגאַנג צו דער פאָרם פון פּאָעזיע און מען פילט אין אירע אימפּולסיווע שורות, אַז זי רייסט זיך אַוועק פון דעם טראַדיציאָנעלן פערז און גייט אַלץ נענטער צו דער פאָרם וואָס איז ענלעך צו פיין סטיליזירטער פּראָזע. אין איר בוך: „אין לאַנד פון מיין געביין", זאָגט זי אַליין:

כ'האָב ליב אין ליד די פּראָזאַאישע שורה.

די מאָדערנע דיכטונג דערווייטערט זיך אַלץ מער פון דער דעקאָראַטיווער שיינקייט און קומט אַלץ נענטער צו דער פרייער פאָרם, וואָס גיט דעם דיכטער אַ מעגלעכקייט אין אַ ליד אַריינ־צופּרעסן אַ גייסטרייכן אינהאַלט.

וואָס מער דער דיכטער איז באַלאָדן מיט וויסן און אידייען, אַלץ ענגער איז פאַר אים די קלאַסישע פאָרם פון פּאָעזיע און ער מוז זוכן אַנדערע פאָרמען פאַר זיין שאַפן. דער מאָדערנער פּאָעט איז ניט ווי אַ זינג־פייגעלע, וואָס זינגט אומבאַוואוסטזיניק אין דער וועלט אַריין; דער היינטיקער פּאָעט איז באַשווערט מיט אַן אַלטער קולטור און ציוויליזאַציע, וואָס האַלט אין באַנקראָטירן — — ווערט ער דערפאַר אַלץ ווייניקער זינגער און אַלץ מער זאָגער.

כדי אויסצודריקן די פאַרשידענע געדאַנקען און שטימונגען פון דעם היינטיקן קאָמפּליצירטן לעבן, דאַרף דער פּאָעט האָבן נייע פאָרמען, נייע ריטמען, נייע אימאַזשן, אַן אייגנאַרטיקן געבוי פון פּערז; ער דאַרף זיך קענען באַפרייען פון דער מליצהדיקער אָרנאַ־מענטיק, כדי מער דירעקט צו געשטאַלטן דעם תוך פון לעבן.

די אויפגאַבע פון יעדן קינסטלער איז צו ווערן **אָביעקטיווי־שעפעריש**, זיך באַפרייען פון אינדיווידועלן צער דורך געשטאַלטן דעם וועלט־צער — — ווען דער איך ווערט וועלט און צייט צייטלאָז... דעמאָלט ווערט געבוירן גרויסע דיכטונג.

אין איר בוך: „חשוונדיקע נעכט", האָט די דיכטערין אַ ליד, וואָס איז אַ מוסטער פון עכטער פּאָעזיע:

פּאַר כלות אָרעמע וואָס זענען דינסטמיידלעך געוועזן,
צאַפּט די מוטער שרה פון פּעסער טונקעלע
אין קרוגן פינקלדיקן וויין.

אין דעם ליד ווייזט קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, אַז זי קען זיך דערהייבן איבערן פּערזענלעכן און מיטפילן דיליידן פון אַנדערע עלענטע און געקריוודעטע. זי טרייסט יענע, וואָס זענען באַרויבט געוואָרן פון פרייד דורכן בלינדן צופאַל.

וואָלט די דיכטערין געוועזן געגאַנגען אויפן זעלבן וועג ווי אין דעם ליד, וואָלט זי געוועזן געשאַפן גרויסע דיכטונג — ווייל אין דעם ליד איז פאַרבאָרגן דער סוד פון עכטער פּאָעזיע. — —

אין דעם בוך: „דזשיקע גאַס", איז דאָ אַ ליד, וואָס אָטעמט מיט אַן אייגן לעבן. דאָס ליד הייסט: „דרעדנאָט". מיט ווייניק ווערטער זאָגט עס אַ סך:

ווי אַ וואָלקן ליגט אויף וואַסערן אַ דרעדנאָט,
גייט נאָך אים אַ שיף מיט טרערן,
גייט נאָך אים אַ שיף מיט בלוט.

אין דעם ליד איז נישטאָ קיין רמז פון פּערזענלעכן וויי. דאָ איז געגעבן אַ וויזיאָנעריש בילד פון דעם טראַגיזם פון דער וועלט — וואָס איז טויב צום געבעט פון מאַמעס... „זוכט טרערן, לייב און בלוט" — ווייסט ניט פון קיין מיטלייד:

שוייגט די פינצטערניש
און ענטפערט נישט אויף תפילות.

אין די מערסטע לידער איז קאַדיע סוביעקטיוו-ליריש. זי קאָן אויפריכטיק איבערגעבן טיפע איבערלעבונגען; דאָס איז אינטערעסאַנט און ווערטפול. אָבער איז איר געלונגען צו שאַפן פון איר איבערלעבונגען גרויסע לידער?

קאַדיע האָט אַ סך איינציקע וואונדערלעכע שורות — אָבער ווייניק גאַנצע לידער פון גרויסן פּאָעטישן ווערט. זי איז די מייסטערין פון דעם אימפולסיוון וואָרט. שוין אין אָנהייב פון איר שאַפן איז זי געוועזן שיכור פון ווערטער — — איר כוח איז אין דעם אימפעט פון דעם געוואַגטן וואָרט. מיטן קירצסטן וועג גייט זי צום ציל צו סוגעסטירן אַ געפיל. אין ליד: „צו דעם וואָס איז גערעכט", שרייבט זי:

נאָר איך — מיין האַרץ איז אַ פּאַדליעץ.

קיין אַנדערע יידישע דיכטערין וואָלט אפשר ניט געוואַגט אָנצו-

רופן איר האַרץ מיט אַזאַ האַרב וואָרט. ניט בלויז איז זי רעוואָלוציאָ־נעריש מיט ווערטער, נאָר זי רעבעלירט אויך ווען ס׳קומט צו פֿאַרגלײ־ווערטע פֿאָרמען פֿון דענקען., וואָס איז מער אָנגענומען ווי דער באַ־גריף **רעכט**? דאָך זענען דאָ אַזעלכע קאָנפֿליקטן ביי מענטשן, וואָס עפֿענען אויף אַזעלכע פֿאַטאַלע אָפּגרונטן, אַז דער באַגריף **רעכט** ווערט פֿאַלש — ברוטאַל... אָנשטאָט רעכט דאַרף גאָר קומען מיט־געפיל און פֿאַרשטענדניש — — און ווען דאָס קומט ניט, איז דאָס **קאַלטע רעכט**, אַ מאַסקע פֿאַר שווידערלעכן אומרעכט. — — —

די דיכטערין איראָניזירט קלוג און טרעפֿלעך:

איך זאָג: איר זענט גערעכט,
עס טוען אַזוי אַלע לייט,
אַזוי איז דאָס געזעץ.
נאָר איך — מיין האַרץ איז אַ פֿאָדליעץ —
און ווי ביימער גלייך־געשוירענע אין פּאַרק,
האָב איך פֿיינט די אַלע וואָס זענען שטאַרק
מיט דער גערעכטיקייט און מיטן געזעץ.
איך האָב זיי פֿיינט ווי גאַל, ווי סם,
ווי אַ געלונגענעם און גלאַטן גראַם.

דאָס איז אַ שטאַרקער פּראָטעסט קעגן די שטאַרקע, וואָס באַ־שיצן זייער רשעות מיט געזעץ — זי פֿלאַמט דאָס אומישנע אויס מיט ניט געהובלטע ווערטער, כדי עס זאָל ווירקן טיף. קאָדיע ווייס אויך דעם אָפֿענעם סוד פֿון דער שווידערלעכער פֿאַרדאָרבנקייט פֿון מענטשן וואָס פֿאַרצערט דאָס האַרץ פֿון לעבן... דאָס איז דער **ליגן**, — די באַהאַלטענע מויז, וואָס גריזשעט טאָג און נאַכט דאָס הייליקסטע צווישן מענטש און מענטש — — דאָס טרויעריקע דערביי איז, וואָס די מויז געפֿינט זיך אין אַלע לענדער און שטעט און אין אַלע ווינקלען פֿון אונדזער מאַסקירטן לעבן:

נעם אַ שטיין און גיב אַ וואָרף,
צי אין שטאָט,
צי אין דאָרף,
וואו ער זאָל ניט בלייבן ליגן,
ט׳עמיצער געזאָגט אַ ליגן.

און צום סוף פֿון ליד זאָגט זי:

און דעריבער קליינע קינדער וויינען
שרייען אין די נעכט.

טראַגיש און האַרץ־רירנדיק איז די דיכטערין אין אירע ליבע־

לידער. דער ליבע מאָטיוו איז ביי אַ פרוי דער וויכטיקסטער אין איר גאַנץ לעבן. די פרוי האָט שטאַרקע אינסטינקטן זיך צו פאַרטיידיקן אין דער עראָטישער מלחמה — אָבער ווען ס׳קומט צו ליבע איז זי אויך אויסגעזעצט צום צופאַל, צו אַנטוישונג און ליידן — — קאַדיען איז געלונגען איבערצוגעבן ליבעס-צער און ליבעס-פּלאָנטער כמעט אויף אַ פּרימיטיוון אופן:

פאָרסט אַוועק, דערקען איך ניט די גאַס,
און אויב כ׳דערקען זי יאָ —
זענען זיי מיר פרעמד
די ערשטע שורה קען מען גראַמען
מיט מאָנפאַרנאַס.
די צווייטע מיט אַ העמד.
נאָר כ׳וויל קיין גראַמען ניט.
עס איז מיר אומעטיק,
וואָס דו האָסט מיך ניט ליב.

אַזאַ אומפאַרפוצטע אויפריכטיקייט געפינט מען ניט אָפט אין דער דיכטונג. ס׳איז אַ געפאַר אַזאַ ריינע פשוטקייט זאָל שלעכט פאַרשטאַנען ווערן... צו קענען אַזוי אויפדעקן דאָס האַרץ דאַרף מען זיין שטאַרק שיכור פון ליבע און גלויבן אין דעם כישוף פון פּאָעטישן וואָרט. אונטערן היפּנאָז פון ליבעס ציטער און צער דעררעדט זי זיך צו אַזאַ פערפעקטער פשטות, אַז מען קען מיינען ס׳איז גאָר קיין ליד ניט — אָבער אין דער אמתן איז דאָס גאָר פיינע פּאָעזיע. זי הייבט אָן:

איך שרייב ניט קיין ליבע־בריוו,
נאָר אין דער טיף
וויינט מיין האַרץ צו דיר.

אין איר געמיט פון שטאַרקער בענקשאַפט, וואָס דערגייט צו פאַרצווייפלונג און צו תפילה, ווערט זי אַזוי אָפן און אינטים, אַז זי דעקט אויף די פלאַמיקע תאווה, וואָס איז אונטערדריקט און פאַרבאָטן:

בינד מיר אויף הינטן די הענט,
ווייל זיי ציען זיך ווייט און פאַרבלענדט
יעדן יאָר צו אַן אַנדער האַלדז.

ביי קאַדיע מאָלאָדאָווסקין גייט דורך דער מאָטיוו פון ניט אויסגעלעבטער ליידנשאַפט אין אַ סך פון אירע לידער. אַ טיף אוניוווערסאַלער מאָטיוו — — נישט אַלעמאָל זענען די לידער פון אַ הויכן פּאָעטישן דערגרייך, אָבער זיי זענען תמיד אינטערעסאַנט און אָנרעגנדיק פון אַ פּסיכאָאַנאַליטישן שטאַנדפּונקט. — — —

פּאָעזיע איז אַן אַלץ־אַרומנעמענדיקע פאָרם פון שאַפן. נישט בלויז הייבט זי זיך אויף צו די הימלען און צו די שטערן, נאָר זי גראָבט זיך אויך אין דער טיף צו די וואָרצלען פון לעבן. פּאָעזיע אַנטפּלעקט די סודות פון מענטשנס אונטערבאַוואוסטזיין. נישט בלויז דעקט דאָס ליד אויף דאָס טיף פאַרבאָרגענע — נאָר דער דיכטער אַליין געפינט זיך ערשט אין דעם פּראָצעס פון זיין שאַפן — **דער פּאָעט דערקענט זיך ערשט דורך זיין ליד...** וויכטיק איז נישט בלויז וואָס דער מענטש שאַפט די טאַט — וויכטיקער איז וואָס **די טאַט שאַפט איבער דעם מענטשן** — ווען אַ מענטש טוט אַ גוטע זאַך, ווערט ער דורך דער עטישער טאַט דערהויבן... טוט ער אַ שלעכטע זאַך, ווערט ער דורך דער שלעכטער האַנדלונג פאַרדאָרבן — — דאָס ליד איז דעם דיכטערס ליכטיקע ווידוי, וואָס באַלייכט זיין אייגענעם באַוואוסט־זיין. דאָס ליד היילט און לייטערט אים, און די וואָס פאָלגן אים נאָך ווערן אויך געהיילט און געלייטערט. — —

מען קאָן אויך זאָגן, אַז די דיכטונג איז טיילווייז אויטאָביאָגראַפישער שפּיל; (נישט פאַקטישע אויטאָביאָגראַפיע). ס'איז דער סינטעז פון קרעאַטיווער פאָרם און געלייטערטן אינהאַלט. ווען אַ ליד איז בלויז אַן אויסדרוק פון מוח־קלוגשאַפט, דעגענערירט עס צו עקספּערימענטאַלער טעכניק ווי אין יהואשעס: ווי אַזוי עס ווערן לידער פאַרפאַסט. דאָס הייליקע פייער איז אויסגעלאָשן.

וואָס מען זאָל נישט זאָגן וועגן קאַדיעס לידער, איין זאַך איז קלאָר: זי איז פריי פון הוילער גימנאַסטיק. דער סוד פון איר שרייבן איז: **קרעאַטיווער אימפּולס.** זי האָט אָבער גענוג מייסטערשאַפט זיך צו קענען אַראָפּלאָזן אין די טיפענישן פון לעבן און טויט און פון דאָרטן אַרויסבליצן די פונקען פון איר גערעַנגל, די פלאַמען פון איר ליבע; אַרויסהויבן דעם ציטער פון איר צער, פון איר פאַרלוירנקייט און צעטומלקייט.

אין אַ היפּשער צאָל פון אירע לידער גייט דורך דער טיפער טרויער פון **אויפהערן** זיין. דער טויט־מאָטיוו שניידט זיך דורך מיט שאַרפע סטראָפן און שורות פון פאַרצווייפלונג. זי האָט נישט געפונען קיין טרייסט פאַרן מענטשנס פאַרגיין:

צי קאָן דאָס באַזינגען אַ ליד,
צי קאָן דאָס באַשרייבן אַ פּען,
אַז מיין בליק, וואָס איז הייס ווי די זון,
וועט פאַרגיין, און ווי קיינמאָל נישט געווען.

ווי די אַלטע כינעזישע דיכטער, טרויערט זי אויף דער הילפלאָזיקייט פון מענטשן אין דעם אייביקן קלעם פון טויט — — אָט דאַכט זיך איז דער מענטש אַ גאַנצער אויפטוער, מיט אַמבי־ציעס, פּלענער, וויסן און חכמה — און אָט קומט דער גאָט איבער אַלע געטער: טויט, און זאָגט: ווער אויס! און דער מענטש מוז פאַלגן...

אין איר: „אַ ליד פון נאַכט”, זאָגט די דיכטערין: „מיט אָפענע אויגן באַגעגנט מען פרייד, מיט פאַרמאַכטע קומט מען איבער אַ שעה פון שגעון.” זי וויל דאַנקען דעם באַשאַפער „פאַרן באַגינען דעם בלויען”, נאָר איר דאַנק פאַרקרימט זיך אין אַ טרויעריקער מינע און גייט איבער אין אַ ביטערן צווייפל. זי פאַרענדיקט דאָס ליד מיט אַ שטילער איראָניע:

— זיין טרייסט איז אַ מאָדנע אַזאַ,
און איך וויס נישט אַליין,
פאַר וואָס איז דאָס אַ טרייסט;
אַז דער טאָג מוז פאַרגיין,
און איך מוז פאַרגיין.

אין דעם ליד: „דער זינגער”, דריקט די דיכטערין אויס איר טיפן פאַרדרוס איבער דעם גורל פון נישט ווערן. אַלע ווילן איר טרייסטן: „דו ביסט פאַראַן, ביסט פאַראַן”, זאָגט איר אָבער איר אייגענער טראַגישער געדאַנק:

און איך זע עס איז זון,
און דער הימל איז בלאָ,
נאָר קיין וועג איז נישטאָ,
איז נישטאָ, איז נישטאָ.

נישטאָ קיין וועג וואו אַ מענטש קאָן זיך ראַטעווען פון די נעגל פֿון טויט. טויט איז די גרענעץ פֿון מענטשנס מעגלעכקייטן — — ס'איז זייער שווער שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק פון פאַרגיין... אָט בין איך — און באַלד וועל איך נישט זיין — — — די דיכטערין האָט פאַר זיך נישט געפונען קיין באַרויִקונג.

וואָלט וויטמאַן, מיט זיין וויִט־זעענדיקער וויזיע און פּאָעטישן עקסטאַז, האָט געוואָלט מילדערן די טראַגיק פון טויט — ער זאָגט, ער איז זיכער, אַז דער טויט איז גוט. און דער דיכטער יוסף ראָלניק זאָגט: מיר גייען פון איין חלום אַרויס און אין אַ צווייטן חלום אַריין. דאָס זענען טיפלעכע ווערטער, אַ וואונק,

אַז ס׳קאָן זיין דער טויט איז אויך אַ חלום... און אפשר אַ בעסע־רער חלום ווי דאָס לעבן. ס׳קאָן אָבער אויך זיין, אַז קאַדיש איז נענטער צו דער אומפאַרשטענדלעכער ווירקלעכקייט — — אין דער טיף איז אַלץ אַ מיסטעריע...

אין איינע פון אירע בעסטע לידער, אין איר נייעם בוך: „דער מלך דוד אַליין איז געבליבן", פאַרענדיקט זי דאָס ליד וואָס הייסט: „אָן ווערטער" אַזוי:

און די ווערטער דערשטיקטע אין צער,
ווי שטיינער אַ זאַק אויף מיין האַלדז,
וועלן ציען צו דער לעצטער געפאַר,
דאָרט וואו עס ענדיקט זיך אַלץ.

ווער קאָן וויסן צי עס ענדיקט זיך אַלץ — אפשר איז עס אַ נייער אָנהייב? דאָ האָט אפשר אַרויסגערעדט דער אונטערבאַ־וואוסטזיין, אַז פון שרעק פאַרן געפאַר, „ציט מען זיך צו דער לעצ־טער געפאַר". און ווייל די דיכטערין האָט זיך ניט געקאָנט אַריבער־הייבן איבערן מוראדיקן געדאַנק פון ווערן אוים, שרייט זי אוים:

איך בין בלינד פון צער.

און זי שרייבט אָן אויף אַ שטיין:

אָן אומעטיקע וועלט...
עס איז נישט כדאַי נאָך איר צו בענקען.

און זי איראָניזירט איבער דעם באַשעפערס „מייסטער־ווערק" מיט אַ בריליאַנטענער שורה:

איז פינצטערקייט דיין לעצטער נס?

אָבער פינצטערקייט איז בלויז אַ באַגריף, וואָס קומט פונעם מענטשנס באַנעם. אין דער אייביקייט, קאָן זיין, עקזיסטירט גאָר אַן אַנדער איינשטעל. — —

דאָס אינהאַלטרייכע ליד וואָס הייסט: „אוי מה טוב...", ווידערהאָלט דעם דאָמינירנדיקן געדאַנק: די שרעק פאַרן פאַרגיין. די דיכטערין פאַרענדיקט דאָס ליד אין דער פאָרם פון אַ תפילה:

אָ וועק מיך אויף מיין גאָט,
אָ וועק מיך אויף, אָ וועק מיך אויף —
פאַרקויף מיך נישט אין חושך פאַר אַ שקלאַף.

אין די שורות וויברירט די מורא פאַר פינצטערקייט. אַ פסי־כאָאַנאַליטיקער וואָלט נאָכגעפאָרשט די קינדהייט פון דער דיכטערין,

אויסצוגעפונען די אורזאַך פון דער מורא. ווייל פאַר דעם רייפן געדאַנק איז דער טויט טיילווייז אַ טרייסט און אַן אויסלייז פֿון אומרעכט און רשעות. — — —

:: ::

אין אירע צייט-לידער פילט מען דעם פאַרמעסט צו געבן אויסדרוק צום גרעסטן חורבן פון יידישן פאָלק — אָבער ניט אין אַלע איז דאָ דער טיפער אויפריכטיקער צער, וואָס זאָל אַ קלעם טאָן דאָס הארץ — — דאָ און דאָרטן געפינט מען סטראָפן און שורות, וואָס לייכטן אויף ווי בליצן ביינאַכט. אין דעם ליד „אַ בריוו צו אליהו הנביא", פרעגט זי דעם נביא:

צי האָסטו זייער כוס פאַרזוכט?

צי זענען דיינע ליפּן נישט פאַרברענט געוואָרן?

אין דעם ליד: „עס קומען נישט מער קיין בריוו, איז דאָ אַ סטראָף, וואָס גיט איבער דעם גרויל און דעם קלעם, ווען מען האָט זיך דערוואוסט פון די מיליאָנען פאַרפייניקטע:

אין די אויגן איז נישטאָ קיין געוויין,

אַלע גלידער פאַרקלעמט,

עס ליגן שערבלעך פון אומגליק

ביי מיר אין די הענט.

און נאָך שטריכן פון פאַרניכטונג:

דאָס לאַנד איז צעמאָסטן אויף קברים —

וואונד און טויט.

ווי קומט דאָ אריין דער מלך דוד? די דיכטערין האָט געוואָלט, אַז דער אַמאָליקער מלך זאָל סימבאָליזירן אונדזער היינטיקן חורבן — אָבער דער צוגעטראַכטער סימבאָל מאַכט נישט קיין איינדרוק. דערפאַר אָבער רעגט אָן טיף די טרעפלעכע שורה, וואָס איז אַן אויסגעשריי פון דעם געוויסן פון אונדזער צייט:

אַלץ האָט די וואָג פאַרלוירן נאָך מיליאָנען מיתות.

די לענגערע פאָעמע: „בראָנזוויל", פֿאַרמאָגט אַ בויגיקע שפּראַך, אַ לייכטן ריטם, אָבער דער טאָן איז געמישט מיט פעליעטאָן. — — ס'איז נישט לייכט צו דערקלערן פאַר וואָס עס מישט זיך ניט גוט ליריזם מיט פעליעטאָן. פאַרוואָס מישט זיך נישט אין דער מאָלעריי פאָרטרעט מיט קאַריקאַטור? די דיכטערין איז קלוג אין סטיליזירטער פראָזע, אָבער דאָרט וואו עס כאַפּט זיך אריין פֿעליעטאָניסטישע קלוגשאַפט, דאָרט זענען די לידער אַזוי לייכט, אַז זיי האָבן נישט קיין וואָג...

אמאל ווערט פיינע דיכטונג איבערגעפירט דורך איבערגע־קליגלטקייט. דאס ליד: „אין דער גרויסארטיקער וואוינונג פון דער אייביקייט", איז איינע פון אירע איינגעגעבענע שאפונגען—עס האט שפיל און פאנטאזיע; ווערט עס אבער אפגעשוואכט דורך דעם פעליעטאניסטישן דיסאנאנץ:

כ'וועל האבן דארט א טעלעפאן
צו אים און זיינע לייט.

די פארשטעלונג אז אין דער אייביקייט וועט די דיכטערין האבן א טעלעפאן צו גאט אליין, איז אפשר א וויץ — אבער די גע־קליגלטקייט פארקלענערט דעם ווערט פון ליד. — —

אין דער דערמאנטער פאעמע: „בראנזוויל", זעט מען די בראנזווילער יידן זענען איר נישט געווען אייגן, זי האט זיך נישט גע־קאנט ארייגלעבן אין זייער לעבן... זי זעט זיי ווי קוריאזן, מענטשן פון א ווייט פרעמד לאנד. זיי קומען ארויס גראטעסק — נישט ווי לעבעדיקע געשטאלטן וואס דארפן אונדז ווערן נאענט — — דאס זענען רעזשיסירטע מאריאנעטן, וואס רעדן מיט א פאעטישן ריטם, אבער זייערע איבערלעבונגען רירן אונדז נישט אן. דערמאנט דא און דארט אן לוצקין — נאר אן לוצקים הומאר.

פאראן אבער שטעלן אין דער פאעמע, וועלכע פארדינען מען זאל אויף זיי ווארפן א שיין. די דיכטערין איראניזירט דעם אפענעם סוד:

עס וויל קיינער נישט באגעגענען
טאג־טעגלעך דעם ארנטלעכן נאר.

מענטשן זענען געווארן אזוי קלוג, אז זיי ווילן זיך בלויז באגע־גענען מיט כיטרע לייט, וואס שפילן תמיד טעאטער און נארן איינע די אנדערע... „דער ארנטלעכער נאר", איז דער בעל־חלומות, וואס די דיכטערין שילדערט אין ליד: „דאס איז אן אלטע מעשה"— וואס איז אייביק ניי — — מען האט פיינט דעם טרוימער, דעם אָרי־גינעלן גייסט... מען קוועלט אים און מען וויל אים פארטיליקן:

פארשמידט דעם בעל־חלומות
און פארקויפט אים פאר א קנעכט,
און עס איז געשען אין מיטן טאג,
אין מיטן לאנד כנען,
און עס איז פאר גאנץ כנען געווען רעכט.

זי פאַרענדיקט דאָס ליד מיט אַ פּיל־דייטיקער איראָניע:

אוּן איך זע דעם בעל־חלומות
אין אַ מדבר גיין.

דאָס כאַראַקטעריזירט נישט בלויז יוספן אין די ביבלישע צייטן, דאָס איז נאָך היינט דער גורל פון יעדן עכטן קינסטלער, פון יעדן אויפריכטיקן טראַכטער, וואָס וויל אַריבערשפּרייזן די גרויע, מיט ליגן פאַרוועמטער ווירקלעכקייט.

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי האָט באַרייכערט די יידישע פּאָעזיע מיט אַ סך אינטערעסאַנטע מאָטיוון. אירע לידער זענען קינסטלעריש־איינפאַך אין פאָרם און אינטענסיוו אין אינהאַלט. אירע קינדער־דיכטונגען זענען נישט דאָס וויכטיקסטע אין איר שאַפן — כאָטש גלאַטשטיין דענקט אַזוי. גוטע לידער זענען דאָ אין אַלע אירע ביכער, אָבער „דזשיקע גאַס" איז נאָך אַלץ איר בעסטע בוך. פאַר וואָס שטעלט זי זיך איין? זוכט זי דעם עטיש דערהויבענעם מענטשן? וואָס פאַר אַ זין האָט זי פאַרן מענטשלעכן לעבן? און וואָס פאַר אַ טרייסט פאַר די ליידן?

אַ וואונק אויף אַ טרייסט איז אפשר דאָ אין די עראָטישע סים־באָלישע שורות:

עס איז גאָטס בעכער
אייביק שוימענדיקער וויין,
און ברענגט אַ טרייסט צו מיר
און וויגט מיך איין.

# ש. ניגער און ה. לייוויק

„די וואונדער פון וואָרט״ — אזוי רופט ש. ניגער זיין קריטיק אויף לייוויקס בוך לידער: „אין טרעבלינקע בין איך ניט געווען״. דער קריטיקער האָט אויסגעטייטשט, אַז כאָטש דער דיכטער זאָגט, ער האָט נישט קיין ווערטער אויסצודריקן דעם אומגליק פון די מיליאָנען פאַרפייניקטע, דאָך האָט ער געשריבן און געוויזן וואונדער מיט זיינע לידער. ניגער דערמאָנט „די באַלאַדע פון וואונדער״ און ציטירט פון ליד: „דער שטומער״:

גאָט איז אין מיין שטוב אַריין אין מיטן נאַכט,
מיט אַ מידן, אַ שטרויכלענדיקן שפּאַן.

גאָט האָט זיך מטריח געווען און איז אוועק צו לייוויקן אין די בראָנקס...

אין דער רויער רעאַליסטישער צייט, פון עראָפּלאַנען און אַטאָם-באָמבעס, גיט מען דעם לייענער אזא אַנטיקוואַרישע מליצה... און ביי דעם קריטיקער איז דאָס „די וואונדער פון וואָרט.״

ס'איז וואָר, אַז אין זיינע לידער זעט מען לייוויק האָט אַ סך געטראַכט וועגן די מיליאָנען פאַרפייניקטע, אָבער שווער צו געפינען אין זיין בוך אַ ליד וואו מען זאָל דערשפּירן, אַז לייוויק האָט אַליין דורכגעפילט דעם גרויסן חורבן. ער איז איבערהויפּט אַ דיכטער מיט אַ שוואַך געפיל — — לייוויק איז אַ קאָפּ-פּאָעט, ווי יהואש. אויפן גרעסטן חורבן אין דער געשיכטע קען ער אַנדערש נישט רעאַגירן ווי מיט אויסגעמוחטער מליצה. וואָלט ער ווירקלעך געפילט די פּיין פון די פאַרפייניקטע, וואָלט ער נישט אָנגעשריבן קיין 347 זייטן; טיפע ליידן שרייט מען אוים קורץ, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם...

די לידער פון מ. ז. טקאַטש, אין זיין בוך: „בלוט שרייט פון דער ערד״, זענען האַרציקער.

לייוויק קליגלט זיך מיט אַלערליי סימבאָלן, דיכטערישע דעקאָראַציעס און מיסטיפיצירט וועגן אַ „בונד פאַרשניטן״ מיטן באַשעפער:

און איך פאַרבלייב
אויף ווייטער היטן
און טיף אין לייב
דייך בונד פאַרשניטן.

לייוויק רעדט כלומרשט צו גאָט און שפּילט מיט גאָט טע־אַטער... שטעלט אָן אַן ערנסטע, מיסטישע פּאָזע. און ביי דעם קריטיקער איז דאָס „וואונדער" און ער האָט דעם וואונדער צע־צויגן אויף דריי לאַנגע פּאַרזעצונגען אין צייטונג. לייוויקס אוים־געטראַכטע מליצה, אַז גאָט איז געוואָרן אַ שטומער, רופט ניגער „מיטאָס" און לייוויקן — „מיטאָס שאַפער". (איי, אַז ניגער דער־טאַפּט ערגעץ אַ שטיקל מיטאָס...).

וועמען קען מען היינט פאַרבלענדן מיט אַזעלכע באַגריפן? אין דער צייט, ווען דער גאָט-באַגריף האָט אַזוי טראַגיש אַנ־טוישט... דאָס איז ליטעראַריש זאַמד געשאָטן אין די אויגן. — —

אין לייוויקס גרוים בוך איז נישטאָ קיין איין גרוים ליד. פאַראַן דאָרט לאַנגע לידער — זענען זיי לאַנג-ווייליק — — אַזאַ לאַנג ליד ווי: „יודנקאַפּ", האָט נישט געטאָרט געדרוקט ווערן. אין דעם שטיק גרויל האָט לייוויק זיך אַרומגעשפּילט מיט סאַ־דיזם: לייענט:

א קאָפּ וואָס שטעקט אַרויס פון ד'ערד
און וואָרט אויף תליונס הייב פון שווערד.
עס שטייט דערביי דער נאַצי־יונג
און שטעלט דעם קאָפּ אַרויס אַ צונג.
ער זאָגט אַזוי: „נו, יודן־קאָפּ,
דו זעסט, איך האַק דיך ניט אַראָפּ."

אַז אַ דייטשער סאַדיסט האָט „באַגראָבן אַ רב לעבעדיקער־הייט אין זיין קאָפּ געלאָזט שטעקן איבער דער ערד", כדי אים צו קענען פּייניקן, דאַרף אַזאַ אכזריות ווערן אַ ליד? ווי ריטמיש לייוויק האָט אויסגעזינגען ווי דער נאַצי פּייניקט דעם רב:

ער שלאָגט אין באַק, ער שלאָגט אין נאָז
און פּליקט פון פעלד צעשטויבטן גראָז,
און שפּאַרט דעם רב אין מויל, אין אויג —
און אָט גיט זיך דער קאָפּ אַ בויג.

אַזאַ אינקוויזיציע האָט געמעגט בלייבן אין טאָג-צייטונג. עכטע פּאָעזיע פאַרטראָגט נישט אַזעלכע רויקייטן — — ס'איז אויך נישט סאַניטאַריש פאַר דער מענטשלעכער פּסיכיק. דאָס אַריינשמעלצן די פרומע תפילות פון רב, האָט נישט געהאָלפן צו דערהייבן דעם אינהאַלט פון ליד. ס'איז פאַרבליבן אַן אָפּשטוי־סנדיקע ברוטאַליטעט. — —

אָבער וועגן דעם פֿאַרלירט ניגער נישט קיין וואָרט. מיט זיין קאַלטן ראַציאָנאַליזם דערגייט ער פון עקסטרעם צו עקסטרעם. דעם דיכטער ש. י. אימבער האָט ער נעגירט ביז גאָרנישט, ביי לייוויקן זעט ער בלויז וואונדער.

ניגערס טעות: וואָס אַ דיכטער מיט אַ באַרימטן נאָמען גלויבט ער אויפן וואָרט. יעדעס שטיקל מליצה, יעדע געגראַמטע אויסטראַכטונג נעמט ער אָן פאַר פּאָעטישער תורה... און ער טייטשט אַריין, אַז אַ „טייל פון זיין פּאָעזיע איז אַ קינסטלערישע שטילונג פון זיין ברענענדיקן דאָרשט נאָך ליידן". ער טייטשט ווייטער: „די ליריק פון זעלבסט-פּיין, וואָס ווערט סובלימירט און דערהויבן ביז וועלט-שמערץ".

דער באַרימטער וועלט-שמערץ — מיר האָבן שוין לאַנג נישט געהערט פון אים...

ווייסט נישט דער קריטיקער, אַז דאָרט וואו ס'פעלט די עכטע איבערלעבונג, דאָרט קומט די געקינצלטע פֿאַנטאַזיע?

אָבער ניגער האַלט אין איין אַריינטייטשן לייוויקן זיין אייגענע „פּאָעזיע" — — ער זאָגט, אַז לייוויק „שאַפט זיך אָן אייגענע טרעבלינקע, זיין פּאָעזיע ווערט זיין גאַז-קאַמער, זיין קרעמאַטאָריע — ער פירט זיך אַליין צו דער עקידה..."

און דאָס טוט איין מענטש אַליין? ער איז אין טרעבלינקע, אין גאַז-קאַמער, אין קרעמאַטאָריע, און פירט זיך נאָך דעם אַליין צו דער עקידה... דאָס איז טאַקע וואונדער איבער וואונדער! ער דערגייט אַזוי ווייט, אַז ער דערזאָגט זיך צו אַזעלכע „טיפקייטן":

ער, יצחק, וועט זיין אויך אברהם. ער וועט אָבער בלייבן יצחק.

שאַ, לאַכט נית — דאָס איז מיטאָס...

ניגער נעמט אָן לייוויקס אויסגעטראַכטע עקידה, ווי דאָס וואָלט געווען אַ קאָנקרעטע ווירקלעכקייט. (ער נוצט דאָס וואָרט „קאָנקרעט").

אָבער אין דער אמתן, וואָס איז דאָס? אפילו נישט קיין שאָטן פון אַ ווירקלעכער איבערלעבונג. ס'איז אַ טעאַטראַלישע אַלעגאָריע — — קאַליע טעפּער האָט די טעאַטראַלישקייט דערשפּירט אין לייוויקס לידער נאָך אין סאַמע אָנהייב פֿון זיין שאַפֿן און ער איז דעמאָלט שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן אים.

דער רעזולטאַט פֿון אַזעלכע אויסגעמוטשטע שרייבונגען: מען גלייבט אים נישט... דאָס גלייבן אַ דיכטער איז זייער אַ צאַרטער ענין. איין דיכטער גלייבט מען, אַ צווייטן נית — פאַר וואָס?

דער ענטפער: ביי איינעם פילט מען ס׳איז עכט — ביי אַ צווייטן, אַז ס׳איז געמאַכט, צוגעטראַכט. יעדע דיכטונג ווערט פאַרטראַכט. ריכטיק. אָבער דאָס טראַכטן איז ביי איינעם עכט, אויפריכטיק, ביי אַ צווייטן פאַלש, געקינצלט, מליצהדיק. — —

ביי ניגערן ווערט אפילו טרעבלינקע אויך אַ מליצה... אַז נישט ווי וואָלט ער געקענט זאָגן, אַז לייוויקס „פּאָעזיע ווערט זיין טרעבלינקע, דאָס ליד — זיין מאַידאַנעק.״?

דער קריטיקער האָט דאָך געמעגט וויסן, אַז טרעבלינקע און מאַידאַנעק זענען געווען אַ צו ברענענדיקע ווירקלעכקייט, אַז מען זאָל זיך מיט זיי באַנוצן, ווי זיי וואָלטן געווען אַ שפּיל פאַר פּאָעטי־שער מליצה... די צוויי נעמען מיינען דאָך אונדזער גרעסטע טראַ־געדיע אין דער געשיכטע... אַזאַ איבערגעטריבענע קריטיק פירט צו ווערטער־אינפלאַציע. מען קען נישט אָננעמען, אַז אַלץ וואָס איז געדרוקט אין קורצע שורות פון אַ רעקלאַמירטן נאָמען איז עכטע ליריק. ניגער ציטירט פון לייוויקן די שורות:

צו פאַרגיין אין אינקוויזיציע־תענוג
האָב איך אין מיין לעבן שוין געהאַט
ניט איין אָנבאָט, און איך שטיי
ביי דעם לאַגער פון דער וועלט אין ריי
אַ פאַרצייכענטער טרעבלינקע־קאַנדידאַט.

וואו־זוער? פאַרצייכנט פאַר אַ טרעבלינקע קאַנדידאַט? אַנ־שטעל! אויפגעבלאָזענע מאַרטירערשאַפט. — —

די גאַנצע קריטיק וועגן לייוויקן איז איבערגעטריבן — פון ב. ריווקין ביז די אַנדערע קריטיקער. זיי האָבן אים צוגעקלעפּט די ווערטער: „משיח״, „הייליקער״. (אַ שלעכטער וויץ...) צוגע־האָלפן האָט אויך די אויסגעלאַסענע דאַמע רעקלאַמע...

קיין פראַגע, אַז לייוויק איז איינער פון די באַדייטנדיקע דיכטער, אָבער ניט קיין גרויסער — ווי די קריטיקער האָבן אים אויפגעבלאָזן. משה לייב האַלפּערן איז געווען אַ גרעסערער דיכטער. זיין פּאָ־עמע: „אַ נאַכט״, ווערט אַריבערוועגן לייוויקס גאַנץ בוך: „אין טרעב־לינקע בין איך ניט געווען״. ביים לעבן האָט די קריטיק וועגן משה לייבן זיך געשפּעטיקט און נאָכן טויט אים ניט דערשאַצט. אפילו ב. ריווקין, אין זיין אומפאַרגלייכבאַרער קריטיק, האָט אים אויך פּרובירט אַביסל מינימיזירן; אָנגערופן זיין טיף אַנאַליטישע אַרבעט: „האַלב וועג צו גאונות.״

ס׳איז אַ וואונדער וואָס עס געשעען ניט קיין וואונדער.
ערגעץ אין דער ליטעראַטור איז דאָ אַ געוויסנהאַפטער חשבון.

# ב. ריווקין דער אידייען־בויער

ראַביי סאָלאָמאָן גאָלדמאַנען

ריווקין איז געווען אַ גרויסער שרייבער — איינער פון די זיילן אין דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט נישט געשריבן קאַלטע אַב־סטראַקציעס וועגן קולטור־ווערטן, נאָר אַליין געהאָלפן שאַפן קול־טור. געווען אינטים מיטן האַרץ פון יידישן לעבן און געמאַכט דאָס האַרץ שטאַרקער קלאַפן. קולטור האָט אַ טענדענץ צו ווערן פאַר־גליווערט — פאַרבלענדט פון אייגענעם כישוף, דרייט זי זיך אַרום זיך אַליין... געפינען זיך גבורים אין אַ דור, וואָס האָבן כוח און מוט איבערצוררייסן דעם כישוף און צווינגען צו בויען אויפדאָסניי — —

ריווקין איז געווען דער גיבור פון זיין צייט — **דער שטורעם־מענטש**, וואָס האָט צעשטערט די גייסטיקע סטאַגנאַציע און גע־האָלפן שאַפן און **אויסלעבן קולטור**.

מיט אַ קנאַפן האַלבן יאָרהונדערט צוריק, ווען די יידישע אינ־טעליגענץ איז געווען באַווירקט פון דעם פלאַכן קאָסמאָפּאָליטיזם איז געקומען ריווקין און אויפגעלויכטן די **משיח־אידייע** — וואָס האָט סטימולירט אונדזערע שריפטשטעלער פון יענער צייט און רעגט דעם געדאַנק פון יידישע קינסטלער ביז היינט צו טאָג.

ריווקין האָט אַריינגעבראַכט באַנייאונג אין דער יידישער קריטיק — ער האָט אָפּגעשטויסן דעם טעמפּן רעאַליזם און געוועקט אין דעם יידישן קינסטלער די שעפערישע פאַנטאַזיע און געהאָלפן אַ סך פון אונדזערע קינסטלער גרויס ווערן.

ווי אַ פּובליציסט האָט ער קיינמאָל נישט געשריבן קיין לעב־לעכן זשורנאַליזם, נאָר תמיד מיט הייסן אָטעם, מיט אָריגינעלן שוואונג. ניט איינמאָל האָט ריווקין אויפגעברויזט לאָזונגען און פּראָבלעמען, וועלכע אַנדערע פּובליציסטן האָבן קלוג אָראָפּגעשלונגען און געמאַכט אַ כיטרען שוויג... מיט אַ צייט שפּעטער האָבן זיי רעאַגירט אויף די זעלבע פּראָבלעמען — געמאַכט אַן אָנשטעל ווי זיי וואָלטן זיך צו זיי אַליין דערטראַכט — און אפילו נישט דערמאָנט ריווקינס נאָמען. — —

אין זיין אַרטיקל: „פאַר וואָס קומען ניט צו קיין פּובליציסטן?" געדרוקט אין דער „פרייע אַרבעטער שטימע", באַקלאָגט זיך ריווקין:

„דער כלל איז: מען דיסקוטירט נישט, מען דערמאָנט נישט, מען פאַרשווייגט. און דער כלל פון דערמאָנען איז: ווען מען קען זיך שוין ניט העלפן, אָדער ווען מען קאָן ציען דעם תּועלת פאַר זיך אַליין."

אין זיין אָנקלאַגע האָט ריווקין יאָ דערמאָנט נעמען:

„ניגער און זשיטלאָווסקי אָבער פירן זיך פּאַקטיש אַזוי, ווי זייער איינציקע זאַך וואָלט געווען, עס זאָל גאָרניט צוקומען צו דעם, וואָס זיי האָבן צו געבן. און נישט זיי באַרייכערן, נאָר זיי פּאַרמינערן אונדזער אידייען-פּאַרקער, צו זייער אייגענעם שאָדן אויך, נאַטירלעך.”

ריווקין פרעגט: „פאַר וואָס האָט ניגער אַזוי פאַרזיכטיק אויסגעמיטן אַ דיסקוסיע? און ער ענטפערט: „כּדי ניט צו העלפן איינשטעלן אַ נייע פירמע — אַ ב. ריווקין פירמע”. און ריווקין קומט צום שלום:

אַז ניגער „וויל איין מענטש אַליין זיין — און טוט אַלץ וואָס ער קאָן זיין אַליין, זיין' זאָל באַשטיין.”

צו וואָס ריווקין האָט זיך צוגערירט האָט ער אַריינגעטראָגן באַנייאונג און אינטערעס. ער האָט געהאַט אַן אייגענעם צוגאַנג צו טעאַטער-קריטיק. זיין אידייע אויסצושפּילן יום-טובים ספּעקטאַקלען איז נאָך ביי אונדז נישט אויפגענומען געוואָרן. אויך זיין קולטור-אידייע, וואָס ער האָט אָנגערופן: „אַל-אַמעריקע”, איז ביי אונדז ווי געהעריק נישט אָפּגעשאַצט.

אין גרונט איז ב. ריווקין געווען אַ שרייבער פאַר שרייבער. קינסטלער האָט ער געהאַט אַ סך וואָס צו זאָגן. ער האָט געקאָנט אויפבליצן און אינספּירירן. פאַר די לייענער זענען ריווקינס אידייען ווי קעסטעלעך מיט סאַרדינען, פול מיט פישעלעך און בוימל, נאָר מען דאַרף צו זיי אַ שליסל. אַ שרייבער וואָס איז אָפן און לייכט צוגענגלעך, איז אויף איין מדרגה מיט די לייענער. די זעלבסט-צופרידענע לייענער האָבן זיך אַליין ליב דורך אים... ריווקין איז געווען טיפער און אָריגינעלער ווי די בעסטע לייענער — — די יידישע לייענער, וועלכע זענען דערצויגן אויף באַנאַלע צייטונגס-שרייבעריי, וואָס איז אויסגערעכנט צופרידנצושטעלן דעם מיטלמעסיקן דורכשניט.

פאַר ריווקינען איז די יידישע קריטיק געווען גלייכליניאיק, ראַציאָנאַליסטיש. אונדזערע קריטיקער האָבן פּרובירט באַווייזן וועגן אַ בוך, אָדער אַ שרייבער, דאָס זעלבסט-פאַרשטענדלעכע, דאָס לאָגישע; די ליטעראַטור איז פון דעם ניט פיל באַרייכערט געוואָרן און די שרייבער זענען פון אַזאַ קריטיק ניט אינספּירירט געוואָרן.

ריווקין האָט געהאַלטן, אַז בלויז מיט קאַלטער לאָגיק קען מען ניט אַריינדרינגען אין דעם תוך פון אַ ווערק. ער האָט געזאָגט:

„לאָגיק מינימאַליזירט די איבערלעבונג, זי נעמט בלויז דאָס אַלגעמיינע פון דער איבערלעבונג, וואָס גלייכט זיך אויס מיט טויזנט אַנדערע איבערלעבונגען פון טויזנט אַנדערע מענטשן.”

דאָס רעאַלע לעבן באַוועגט זיך אין זיגזאַגן, און גייט און פאַר־גייט מיט בלוטיקע טריט... זוכט אַ ציל, אַן אידעאַל און פאַר־פלאָנטערט זיך אין ווידערשפּרוכן. דערפאַר קאָן די לאָגיק מיט איר גלייכער ליניע ניט טרעפן „אין פינטעלע פון דער איבערלעבונג.”

ריווקין איז צוגעגאַנגען צו דער ליטעראַטור מיט **שעפערישער אינטואיציע.** ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער קריטיק יידישן מיס־טיציזם, סטיליסטישן שוואונג און אייגענע אידייען. ריווקין איז גע־ווען דער **אידייען־מייסטער!** די ערשטע אידייע וועלכע ער האָט געהאַלטן אין איין פאַרטיפן און באַלייכטן, איז געווען דער **מאָדער־נער משיחיזם.** ער האָט דעם טראַדיציאָנעלן משיח־געדאַנק באַנייט און צוגעפּאַסט צו אונדזער צייט. ניט דער גלויבן אין אַ משיח, וואָס איז פאַרקערפּערט אין איין פערזאָן, נאָר **משיחיזם** די אידייע וואָס דריקט אויס די האָפענונג פון אַלע מענטשן. גלויבן אין אַ וואונדער־דערלייזער מיינט אָבערגלויבן, ווי אין די פרימיטיווע צייטן, ווען מענטשן האָבן געגלויבט אין אַן איבערנאַטירלעכער קראַפט און אין ניסים. ריווקין האָט דעם משיח־געדאַנק פאַרטייטשט ריין מענטש־לעך, פסיכאָלאָגיש און קינסטלעריש רעאַל ; אַנשטאָט אַ דערלייזער איז געוואָרן **דערלייזונג** . — —

די דערלייזונג - אידייע האָט ריווקין אויך אַריינגעפירט אין זיין קריטיק און מיט איר באַלויכטן די יידישע ליטעראַטור. אים איז גע־לונגען טייל שרייבער אַנצושטעקן מיט דערלייזונגס-מאָטיוון. ער האָט באַווירקט לייוויקן. לייוויק האָט אין זיין דראַמאַטישער פּאָעמע : „דער גולם”, געוואָלט געבן אַ לירש געשטאַלט, וואָס זאָל אויפסניי פרעגן די אייביקע פראַגן וועגן לעבן און טויט און וועגן דער מיסטעריע פון דער באַשאַפונג ; איז אים ריווקין אַנטקעגן געלאָפן און איינ־געראַומט אין אויער דעם משיח־מאָטיוו, אים סוגעסטירט וויזיאָ־נערישע געשטאַלטן און דער „גולם איז דורך דעם אַרויסגעקומען אַ וויכטיק אידייאיש ווערק... דורך ריווקינס ווירקונג, איז לייוויקס דראַמאַטישע פּאָעמע געוואָרן וועלט-באַרימט. — — —

דער דראַנג צו רעאַליזירן די אויסגעבענקטע דערלייזונג, האָט ריווקינען געפירט צו דער צווייטער וויכטיקער אידייע, וועלכע ער האָט אָנגערופן : „אַל-אַמעריקע”. מען דאַרף בויען די קולטור פון דעם אייגענעם פאָלק מיט דער הילף פון אַנדערע פעלקער. אַ פאָלק, ווי אַ

יחיד, דאַרף זיך אויסלערנען קרעאַטיוו נעמען און געבן. אויך אין גייסטיקן לעבן דאַרף זיין אויסטויש און קאָאָפּעראַציע. אַ מענטש קען ניט זיין שעפעריש זייענדיק איינער אַליין, אָפּגעריסן פון דער געזעלשאַפט, ער מוז זיך פאַרבינדן מיט זיינע מיטמענטשן, כדי צו קאָנען דערגרייכן אַ הויכע מדרגה. אַ פאָלק מוז זיין גייסטיק באַהעפט מיט דער קולטור פון דער וועלט, כדי צו קענען באַרייכערן די אייגענע קולטור.

ביז אַ היפשן גראַד לעבן נאָך היינט די פעלקער מיט די אַלטע, פאַרגליווערטע קולטור־ווערטן, די פאַרהייליקטע קולטור־מומיעס זענען אַזוי איבערגעטריבן רעקלאַמירט, אַז זיי לאָזן נישט צו נייע קולטור־שאַפונגען זאָלן פאַרנעמען דעם פאַרדינטן פּלאַץ... די גייסטיקע לופט איז דומפיק מיט פאַרהייליקטן שימל.. מען דאַרף דערמאָנען, אַז אַ היפּש ביסל באַרימטע גרויסע ווערק פון אַמאָל האָבן פאַרלוירן זייער כישוף. די באַרימטע געלערנטע קייען איבער די אייגענאַרטיקע חכמות ווי פּאַפּוגייען, און אין דער טיף בלייבן זיי געביל־דעטע באַרבאַרן... אויב ניט, ווי וואָלט מעגלעך געווען אַנטיסעמיטיזם צווישן געלערנטע? ריווקינס אידייע איז: די קולטורן פון די פעלקער זאָלן זיך איינע די אַנדערע באַרייכערן און צוזאַמען איבערשאַפן די מענטשן — — קונסט איז כישוף, לויט זיין מיינונג. קריטיק דאַרף אויך כישופן און פאַרכישופן דעם לייענער צו זעלבסט־פאַרוואַנדלונג. ווען ריווקין האָט געשריבן וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם פּאָעט משה דילאָן, האָט ער אַלע לידער ווי מיט מאַגיק פאַראייניקט אין איין גאַנצקייט. ער האָט פאַרוואַרפן אַרום דילאָנס פערזן אַ וויזיאָנערישע נעץ און זיי זענען געוואָרן אינהאַלטסרייכער... ריווקין האָט די קריטישע אַרבעט אָנגערופן: „די שוואַרצע מעסע”. דער קריטיקער האָט מיט זיין אייגנאַרטיקער דיכטונג דערגאַנצט דעם דיכטערס שאַפן. — —

דילאָן האָט געשטאַמלט תפילות צו אַן אומבאַקאַנטן גאָט־טייוול. און זיין ליד האָט דעם דיכטער היפּנאָטיזירט און דערהויבן. — —

ריווקינס עסיי: „האַלב וועג צו גאונות” — וועגן מ. ל. האַלפּערן, איז אַזאַ גאונישע אַרבעט, וואָס האָט נישט קיין גלייכן אין דער מאָדערנער קריטיק. ער האָט דערפאָלגרייך אָנגעווענדט דעם פּסיכאָאַנאַליטישן מעטאָד און מיט די פיינסטע ניואַנסן געוויזן די איבערגאַנגען פון משה לייבס פאַרוואַנדלונגען. ווי מיט אַ העליזערישן חוש האָט ער געזען ווי דער פּאָעט איז אַריינגעוואַקסן געוואָרן אין זון און געוואָרן ביים דיכטער אַ וויזיאָנעריש געשטאַלט. ריווקין איז מיט

לידער געווען אַזוי אינטים, אַז זיי האָבן אים אויסגעזאָגט די טיפֿ־סטע סודות — — די וויזיאָנערישע קריטיק איז זיין דריטער בייטראַג צו דער יידישער ליטעראַטור. מיט וואָס פֿאַר אַ פֿיינער אינטואיציע ער האָט געשריבן וועגן לוצקים ווערטער—און ווי פֿלינק ער האָט גע־וואָרפֿן אַ בריק איבער טאַבאַטשניקס לידער. וואו איז דאָ אַ קריטי־קער, וואָס קאָן אַזוי קרעאַטיוו איבערדיכטן דעם אינהאַלט פֿון י. ל. פּרץ?

ריווקין ווי אַ דענקער און קריטיקער וואָלט געווען געקאָנט אַ סך מער שאַפֿן, ווען ניט די האַרצלאָזע סביבה פֿון די פֿרומע דיפּלאָ־מאַטן, וואָס האָבן אים פֿאַרשפּאַרט אין אַן אומזעבאַרער שטייג, וואו ער האָט זיך געראַנגלט ווי אַ געפֿאַנגענער לייב... דאָס האָט טיילמאָל אַרויסגעוויינט פֿון זיין שרייבן — ווען ער איז געוואָרן ליריש. דעמאָלט האָט ער אויפֿגעריסן דאָס האַרץ און געשריבן מיטן טריפֿנדיקן בלוט:

„עס פֿעלט לופֿט, עס פֿעלט אָטעם", שרייבט ער אין זיין עסיי: „אויף צוויי פֿראָנטן", געדרוקט אין דעם זאַמלבוך: „יידיש אַמערי־קע". ער זאָגט דאָרט ווייטער:

„רייד צו טויבע ווענט און די ווערטער שפּרינגען דיר אָפּ צוריק אין פּנים אַריין. און הייב אָן אָבער און ווידער פֿון אלף בית, דער שאַרפֿסטער מוח וועט אָפּגעטעמפּט ווערן; דאָס קאָכעדיקסטע האַרץ וועט איינגעשרומפּט ווערן."

דאָס איז אויטאָביאָגראַפֿיש און אויך טראַגיש — — אַזוי איז דאָס געווען פֿאַר ריווקינען און אַזוי איז דאָס אויך פֿאַר אַנדערע ערלעכע און פּרוכטבאַרע שרייבער, וועלכע פֿאַרדאַרן ביי אונדז פֿאַר דער צייט און ווערן צעריבן פֿון דער ברוטאַלערווירקלעכקייט — געשאַפֿן פֿון אונדזערע וואָרט־פֿירער, וועלכע פֿאַרנעמען דעם אויבנאָן און שאַלטן און וואָלטן מיטן יידישן וואָרט פֿאַר זייערע אייגענע אינטערעסן...

ריווקין דער אידייען־בויער האָט באַדאַרפֿט אָנפֿירן אַ ביטערן קאַמף פֿאַר זיינע גייסטיקע קינדער. ווי שווער אים איז אָנגעקומען צו שרייבן אויפֿריכטיקע קריטיק! אין אַזאַ ענג־ליטעראַריש וועלטל ווי ביי אונדז, וואָס איז געפֿענטעט פֿון מורא און ניט פֿאַרגינען...

ריווקין האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט דער צייטונגס־מאַ־שין, וואָס בכלל גענומען האָט זי אַ צינישע באַציאונג צום שעפֿערישן שרייבער. ער האָט נישט געהאַט קיין צייט צו פֿירן אַ ליבע מיט דער אויסגעלאַסענער רעקלאַמע־מעקלערקע, איר אונטערקויפֿן, זי זאָל אַרום אים אויך שאַפֿן אַן אילוזיע... ווי דאָס טוען אַנדערע — — ער, וואָס איז געווען פֿיזיש איינער פֿון די שטאַרקסטע מענטשן, האָט געקראָגן

אַ שוואַך האַרץ. אין זיינע שווערקייטן זענען אַ היפּש ביסל געווען שולדיק זיינע „קלוגע" ציַיטונגס-קאָלעגן; אַנשטאָט אים העלפן, האָבן זיי אים געשטערט מיט דער שדים-מעטאָדע פֿון איגנאָרירן.

אין זיין אַרטיקל: „די הריגה", געדרוקט אין דער „פֿרייער אַרבעטער שטימע", פּראָטעסטירט ריווקין קעגן „הרגענען דורך פֿאַרשוויַיגן." דער הויפּט-שולדיקער איז ביי אים ש. ניגער.

ריווקין שרייבט:

„אַ שרייבער ניט קיין האַנט, נאָר אַ שרייבער מיט האַרץ, מעג זיך באַטראַכטן פֿאַר אַ לעבעדיקן קבר: די אידייען וואָס וועלן אין אים געבאָרן ווערן, וועלן גלייך אויפֿן אָרט באַגראָבן ווערן, און זיי וועלן קיין וויַיטערן גאַנג נישט האָבן. קיינער וועט זיך נישט דער־מאָנען זיי צו דערמאָנען."

„ווען מען דערמאָנט יאָ אַ צווייטן שרייבער, איז דאָס בלויז ווען מען קאָן ציען אייגענע נוצן דערפֿון." ריווקין זאָגט וויַיטער:

„וועגן דער גרינדונג פֿון „אַל-אַמעריקע" איז דערגאַנגען צו דער קולטור-געזעלשאַפֿט און צו ניגערן פֿערזענלעך נאָך פֿאַראיאָרן, אַ קע־גנזייַטיקע פּריוואַטע קאָרעספּאָנדענץ איז געפֿירט געוואָרן, אָבער אין דער עפֿנטלעכקייט אַ פּולע מויל מיט שוויַיגן."

ריווקין האָט אָנגעוויזן, אַז מער ווי די צייטונגס-אַרויסגעבער זענען שולדיק די שרייבער אַליין:

„געוויינלעך מאַכן מיר עס די ציַיטונגס-באַלעבאַטים דעם פֿאָר־וואורף, אַז דערמאָנען אַ נאָמען איז ביי זיי פֿאַררעכנט פֿאַר אַן אַד־ווערטייזמענט, און דער כּלל איז קיינע אומזיסטע אַדווערטייז־מענטס. אָבער די באַלעבאַטים האָבן זיך פֿון וועמען צו לערנען: די שרייבער צווישן זיך פֿירן דעם כּלל דורך נאָך שטרענגער און אויסגערעכנטער."

וואָס איז אַרויסגעקומען פֿון דער „קלוגער" טאַקטיק? איינדאַר און אויסצער פֿון ייִדישן וואָרט. דאָס וואָס די ייִדישע ליטעראַטור צאַנקט אוים אין דער רייכער אַמעריקע וואו ס'געפֿינט זיך אַריבער פֿינף מיליאָן ייִדן, האָבן די ציַיטונגס-שרייבער אין דעם ניט קיין קליינעם חלק — — היינט איז דאָס קלאָר. ריווקין האָט דאָס פֿאָר־אויסגעזען מיט מער ווי אַ פֿערטל יאָרהונדערט צוריק:

„וואָס איז דער רעזולטאַט? לא די וואָס מען דאַרף רעדן צו אַן אוידיענץ אָן אינטעליגענץ, אַראָפּרייַדנדיק דאָס האַרץ אויף זויערע פּיקלס און מוח אויף בלעכענע קעפּ — קאָנען אפילו שרייבער צו שרייבער ניט ריידן. רייד צו די ווענט!

דער רעזולטאַט איז, אַז די ווערטער קריכן צוריק אין האַלדז אַריין — און ווען זיי קריכן שוין אַרויס צוריק איז אַלץ מיט דעם זעל־ביקן אלף בית, וואָרום מער ווי אלף בית וועט קיינער נישט פאַרלאַנגען, און ווערטער קאָנען נישט וואַקסן און קאָנען נישט בליען.

דער רעזולטאַט איז הריגה. אידייען שטאַרבן פאַר דער צייט, און ווילן מער נישט געבאָרן ווערן — און שרייבער שטאַרבן אָדער ווערן בעסער נישט געבאָרן מיט זייערע ניט געבאָרענע אידייען.

דער רעזולטאַט איז אַ בית־עלמין פֿון מענטשן און אידייען.

דער רעזולטאַט איז דלות, מיט אַ מלך־אביון צו רעגירן איבערן קבצן...

און טראָץ דער קולטור־געזעלשאַפט און טראָץ דר. זשיטלאָווסקין און ניגערן, דאַרף מען וואָרענען יונגע טאַלאַנטן: אַנטלויפֿט וואו דער פֿעפֿער וואַקסט פֿון דלות און הריגה."

ריווקין איז דערגאַנגען צום עקסטרעם צו וואָרענען יונגע שריי־בער, זיי זאָלן אַוועק פֿון דער יידישער ליטעראַטור, אַז ניט וועלן זיי פֿאַלן אַ קרבן פֿון דעם „הריגה־רעזשים."

ריווקין דערקלערט פאַרוואָס ער האָט געשריבן זיין אָנקלאַגע אויף ניגערס אַדרעס:

„ש. ניגער איז דאָ נאָר אַ ביישפּיל. ווען ער וואָלט געווען איינער צווישן צען, וואָלט מען צו אים קיין טענות ניט האָבן: ווען ניט ער, וועלן אַנדערע דערמאָנען. אַלס איינער פֿון צען וואָלט ער נאָך געווען אויסגעצייכנט און זיינע געווויסן חסרונות וואָלטן נאָך געווען מעלות. אָבער בעוונותינו הרבים האָבן מיר אויף אים אַרויפֿגעצוואונגען יחידישאַפֿט — לייגט זיך אויף אים אַ הויפּט חלק פֿאַראַנטוואָרט־לעכקייט.

„אָבער ער איז ניט איינער אַלס פֿאַרשווייגער. עס האָבן זיך אַרומגעבילדעט גאַנצע קליקעס, וואָס האַלטן זיך אויף דעם רעזשים — זיך צו אַדווערטייזן און אַנדערע צו פֿאַרשווייגן."

דער אוממענטשלעכער רעזשים פֿון פֿאַרשווייגן האָט אָפּגעטאָן מער שאָדן דער יידישער ליטעראַטור ווי ס'קען זיך אויסדאַכטן איידער מען טראַכט זיך אַריין. ער האָט אַמראָפּיט טאַלאַנטן, שריי־בער אַנטמוטיקט און אָפּגעשטויסן. ס'איז גרינטלעך פֿאַלש די מיי־נונג, אַז טאַלאַנט וועט זיך דורך אַלע שטערונגען דורכברעכן, גי־כער וועט דער טאַלאַנט ברעכן זיין האַרץ און מוח... אפילו די וואָס האָבן זיך דורכגעריסן קענען אונטער אַזאַ רעזשים ניט דער־וואַקסן צו זייער אייגענער הויך און גבורה.

אַ העלפּט פון מאַני לייבס שאַפן און דריי פערטל אפשר פון ראַל־ניקס, איז פאַרשניטן געוואָרן דורך די קאַלטע פרעסט פון פאַרשווייגן.״

און ריווקין דעקט אויף די פּאַקטישע אורזאַך פּון די „פּרעסט״:

„ווען אַ יענטעלע טאַנצט אויף צוויי קלעצלעך אויף דער יידישער בינע, גייט מען איר נאָך מיט שבחים פון וואָך צו וואָך און אין מיטן דער וואָך. דאָס איז התפעלות פאַר געצאָלט — קיין אַנדערע התפעלות איז נישטאָ.״

דער שליסל צום היינטיקן מענטש, אפילו צום שרייבערישן מענטש, ליגט אין קעשענע... און שרייבן שרייבט מען וועגן אמת־יושר און הויכע אידעאַלן... פאַר אַנדערע. — —

און ווען ס׳איז געקומען אַ צייט, אין געוויסע פאַלן, ווען פאַר־שווייגן האָט נישט געהאָלפן, איינציקע שרייבער האָבן אַליין אויסגע־זוכט אַ וועג צום לייענער, האָט מען גענוצט באָיקאָט — — מיט אַ פרומען זשעסט אין נאָמען פון פאַרהיטן די ליטעראַטור... געמיינט האָט מען צו פאַרהיטן דעם אייגענעם... אויבנאָן.

ריווקין האָט געהאַט אַ רייפן געוויסן און ער האָט געפילט, אַז אונטער זיין פעדער ברענט אַ פייערדיק וואָרט. אין זיין געדאַנק איז אַלץ געווען רעגיסטרירט. איז מען באַגאַנגען אַן אומרעכט קעגן אַ קאָ־לעגע, האָט עס אים טיף אָנגערירט און ער איז אַרויס מיט אַ פּראָ־טעסט. ער האָט געוואַגט אַרויסצוזאָגן אַזעלכע שאַרפּע אמתן, וואָס אַנדערע וואָלטן מורא געהאַט—מען קען זיך מאַכן שונאים... ריווקין האָט ניט מורא געהאַט צו זאָגן דעם אמת; זיך אָנגענומען פּאַר אַ קאָלעגע, ווען מען האָט יענעם געקריוודעט. פאַרטראַכט זיך וועגן די טיטלען פון זיינע אַרבעטן: „די הריגה״, „פאַרוואָס קומען ניט צו קיין פובליציסטן?״, „וואָס מען וועט ניט זאָגן״. פון די קעפּלעך אַליין קען מען זען וואוהין ער האָט געצילט. טאַקע אונטער דעם טיטל: „וואָס מען וועט ניט זאָגן״, האָט ער געזאָגט אַ סך — — ער האָט געזאָגט וועגן די שרייבער וואָס זינדיקן מיטן אייגענעם ווילן, ניט זייענדיק גע־צוואונגען פון די אומשטענדן:

„דאָס איז די זינד וואָס ער זינדיקט קעגן ברידער־שרייבער — מיט פאַרשווייגן זיי און באָיקאָטירן זיי.

„מען פאַרשווייגט מענטשן, ווערק און אידייען — יאָרן נאָכאַ־נאַנד, מיט אַן אויסגערעכנטער כוונה און אומריינער פּניה, כדי ניט באַקאַנט צו מאַכן פּאַר דעם לעזער־עולם נעמען, שרייבער אַן אידייען וועלכע קענען איינשטעלן נייע ליטעראַרישע פירמעס אין קאָנקורענץ צו דער אייגענער איינגעפונדעוועטער פירמע.

„דאָס איז דירעקט צום שאָדן פון דער יידישער קולטור, אויף וועלכער מען האָט אַ שבועה געשוואוירן; דאָס פּאַרמינערט די קול־טור, דאָס טויט־אָפּ אידייען־אויסטויש, ליידיקט אויס די אַטמאָספערע און עס בלייבט ניט מיט וואָס צו אָטעמען פאַר קיינעם.

„און דער באַלעבאָס איז דאָ גאָרנישט שולדיק; מיטן אייגענעם גוטן ווילן ווערט דאָס געטאָן.

„און מיטן אייגענעם גוטן ווילן, וועלכער איז אַ בייזער ווילן, ווערן דערקלערט באָיקאָטן אויף שרייבער, וועלכע האָבן שוין, מיט שווערער האָרעוואַניע פון יאָרן, זיך דערטראָטן אַ וועג צום לעזער־עולם. ווי דאָס ווערט איצט פּאַרברעכעריש געטאָן קעגן נח שטיינ־בערג און זיין נייעם זאַמלבוך „יידיש אַמעריקע״— פאַר דעם חטא וואָס ער געהערט ניט צום צעך און ציט ניט זיין חיונה פון צייטונג־שרייבעריי, אָדער פון גוט־באַצאָלטער פּובליסיטי — און נאָך פאַר דעם חטא, וואָס ער אַליין איז דער פאַרקויפער פון די ביכער, וואָס ער גיט אַרויס און ער פאַרלאָזט זיך ניט אויף גוטע ברידער, וואָס זאָלן גיין פּאַר אים אין די הייזער, ווי דאָס טוען שרייבער פון צעך, ווען זיי בעטן זיך איין מען זאָל אַרויסגעבן זייערע ביכער.

„ווי דער מנהג באָיקאָט האָט זיך איינגעוואָרצלט אין אונדזער ליטעראַרישן געמויזעכץ איז צו זען דערפון, וואָס אפילו די אָרעמע, כשרה „וואָך״ איז געשטרויכלט געוואָרן.״

ריווקין האָט דאָ רעאַגירט קעגן דעם **אָנפאַל** אין דער „וואָך״, אויף דעם זאַמלבוך: „יידיש אַמעריקע״, אונטערגעשריבן א. באַך. (פאַרקירצט פון א. אויערבאַך). די „וואָך״ איז דעמאָלט רעדאַקטירט געוואָרן פון ה. לייוויק, מ. באָריישאָ און ל. שאַפּיראָ. אונטער מיין ענטפער אין דער „וואָך״, מיטן נאָמען: „מער סאַניטאַרישע קריטיק״, איז געווען געדרוקט אַ קורצער פּרום רשעותדיקער נאָטיץ פון דער רעדאַקציע. דער אָנקלאָג איז געווען: שטיינבערג האָט „געוואָלט כשרן אַ ביזנעס פון פּראָמינענט מאַכן נישט־אַנטדעקטע שרייבער.״

ווען איך האָב אין רעדאַקציע געגעבן מיין בריוו, האָבן די רע־דאַקטאָרן פון מיר געפאָדערט אַן אָפּמאַך: „אויב איך וועל דערלויבן צו פאַרקירצן מיין בריוו, וועלן זיי מער נישט אַטאַקירן. איך בין אויף דעם איינגעגאַנגען. זיי האָבן זייער וואָרט נישט געהאַלטן — — ל. שאַפּיראָ האָט באַלד נאָך דעם רעזיגנירט.

ניט דערמאָנענדיק דעם נאָמען, באַציט זיך ריווקינס שניידנדיקע איראָניע אויף אויערבאַכן, וועלכער איז אַ מיט־שרייבער אין „מאָרגען זשורנאַל.״

ריווקין מיט זיין שאַרפער פעדער, האָט אויסגעשניטן דעם פּאַר־האַנג, וואָס פאַרשטעלט די ציַיטונגס־הענט. ער האָט אָנגעוויזן ווי אונטער דער פּרעטענזיע פון ליטעראַרישער פרומקייט, באַהאַלט זיך פאַלשקייט און רשעות:

„מיט דער האַנט פון איינעם וואָס איז געוואָרן פעט פון באַצאָל־טער פּובליסיטי, האָט די „וואָך" זיך פאַרמאָסטן אויף שטיינבערגן מיט אַ באָיקאָט און חרם־דערקלערונג — ניט דערוועגן זאָלסטו זיך אַליין אַרויסצוגעבן און אַליין צו פאַרקויפן דיינע ביכער!

„איז פאַרקויפן די פען אַלס פּובליסיטי־מאַן פאַר אַלע „ניט־דאַ־געדאַכטע" אַנשטאַלטן אַ בכבודערע באַשעפטיקונג, ווי פאַרקויפן בי־כער אויף וועלכע מ'האָט דאָס געזונט אַוועקגעלייגט — אויף דעם יידישן ביכער־מאַרק וואו יעדער פאַרקויף קומט אָן מיט מסירת־נפש?

„דער דאָזיקער פּובליסיטי־מאַן האָט געוואונען זיין פּריווילעגיע, ווייל ער גיט מסתמא מעשר פון זיין זינדיקער פרנסה דער אַרעמער, כשערער „וואָך."

דאָ גייט איבער ריווקינס איראָניע און פּראָטעסט קעגן די צוויי רעדאַקטאָרן: לייוויק און באָריישאַ.

„און דאָס טוט די „וואָך", וואָס אין נאָמען פון איר הייסער ליבע צו יידישער קולטור, האָט איר רעדאַקציאָנעלע גרופּע איבערגעריס מיט דער „פרייהייט!"

„כ'לעבן, צוליב אַזאַ היימ־זודיקער ליבע האָט עס זיכער נישט געלוינט. אויב די „וואָך" האַנדלט אַזוי, ווי זאָלן שוין אַנדערע, ניט־געשוואָרענע אויף קולטור האַנדלען?

„דער באָיקאָט — אַ שווייגנדער אָדער אַקטיווער — ווערט דורכ־געפירט אויף דער גאַנצער ליניע. דער שטיינבערג־פאַל איז נאָר איין ביישפּיל.

„אָט־די זינד, וואָס יידישע שרייבער זינדיקן איינע קעגן די אַנ־דערע — צו דעם דירעקטן שאָדן און צו דער פאַרמיאוסונג פון דער יידישער קולטור אין די אויגן פון לעזער־עולם — די זינד פאַרדינט אַזוי ברייט און געניי אַרומגערעדט צו ווערן, עס זאָל זיי אַלעמען ניט גוט ווערן."

ריווקין האָט זיך געוואָלט טרייסטן, אַז ער אַליין האָט נישט גע־ליטן פון דעם „הריגה־רעזשים". ער האָט געשריבן:

„איך קען ניט זאָגן, אַז איך בין נעבעך אַ קרבן פון דעם רעזשים. איך האָב צופיל פורמאַנישן כוח אין מיין בלוט, איך זאָל זיך לאָזן מאַכן פאַר אַ קרבן."

אָבער דער פאַקט, אַז ער האָט זיך יאָרן־לאַנג געראַנגלט מיטן הונגער, אין דעם רייכן ניו־יאָרק, וואו טייל פון אונדזערע שרייבער פאַרדינען מער ווי הונדערט דאָלאַר אַ וואָך, און ער איז געוואָרן קראַנק און פאַרשניטן פאַר דער צייט — באַווייזט, אַז ער איז אויך געווען אַ קרבן פונעם רעזשים... אויך דאָס, וואָס ער האָט ביים לעבן נישט געקענט אַרויסגעבן קיין איין בוך, געמוזט שרייבן וואָס מען האָט ביי אים באַשטעלט —— אַרומגעגאַנגען אַן אויפגערעגטער און געשריען: „איך וועל זיי אומברענגען!" געמיינט די וועלכע ער האָט אַרויפגע־שריבן צו באַרימטקייט... דערנאָך האָבן זיי געשאַכער־מאַכערט מיטן יידישן וואָרט —— באַווייזט, אַז דער שרייבער־רעזשים האָט פאַר־קירצט זיין לעבן...

גייענדיק איינמאָל מיט אים אין קוני־איילענד, האָט ער אונטער־געברומט: „איך האָב מיין גאַנץ לעבן געשריבן ליגן." געמיינט האָט ער: אַז ער האָט נים אַלץ געשריבן, וואָס ער אַליין האָט געוואָלט, נאָר געמוזט צושטעלן אויף באַשטעל. — —

כ׳האָב אומישנע ציטירט אַ סך פון ריווקינס אויפריכטיקע געדאַנקען — ווייל ווער ווייסט די שאַרפע פּראָטעסטן איבער־דרוקן? מען האָט זיך ביי אונדז מורא איינצורייסן מיט די וואָס זיצן אויבנאָן ביי דער פּרעסע און ליטעראַטור...

די ערנסטע און ווייטזאַקדיקע ווערטער גיבן איבער מער אמת וועגן דער פּאַקטישער לאַגע פון דעם יידישן וואָרט, ווי די לאַנגע יובליי־אַרטיקלען וועגן דער יידישער פּרעסע אין אַמע־ריקע. — —

ריווקין איז אויך געווען פון די געציילטע שרייבער ביי יידן, וואָס האָבן געשריבן מיט אַן **אָריגינעלן סטיל.** די גרעסטע צאָל פעדער־אַרבעטער שרייבן ביי אונדז ווי ס׳לאָזט זיך. וואָס פאַר אַ ווערט האָט שרייבן וואָס איז סטיללאָז?

ריווקין האָט זיך געשאַפן זיין אייגענעם אופן פון אויסדרוק; זיינס אַ זאַג האָט אַמאָל געטראָפן ווי אַ קלאַפּ פון אַ האַמער. אָבער מיט די אַלע מעלות, איז ער געבליבן אָן אַ זייט... ער איז געווען ווי אַ גרויסער שפּיגל, וואָס האָט אָפּגעשפּיגלט אַלץ און אַלעמען און אַליין נישט אָפּגעשפּיגלט געוואָרן.

אויך אין דער גייסטיקער וועלט איז נישטאָ קיין גערעכטע, גלייכע פאַרטיילונג — די וואָס גיבן אַ סך, ווערן אַמווינציקסטן באַלוינט...

אין ריווקינס שרייבן פלעגט זיך אַמאָל אַריינכאַפּן אַ שאָטן. אין טייל פון זיינע שרייבונגען איז געווען אַ צעשויבערטקייט און אַ פּאַרטונקלטקייט, וואָס האָט געמאַכט שווער אויפצוכאַפּן דעם הויפּט-געדאַנק.

אין זיין גרעסערער אַרבעט: „גרונט טענדענצן פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע", ווייזן זיך בולטער אַרויס זיינע חסרונות ווי אַ קריטיקער. אין דער גרויסער אַרבעט פעלט **פלאַנמעסיקייט,** און קלאָרקייט. דעם שפּעקולאַטיוון אויסטייטש מיט די ווערטער: „גרוים-תכלית", „כמו-טעריטאָריע-אילוזיע", רופט ער שפּעטער, אין דריטן באַנד „זאַמלביכער": „געזעצן". ער שרייבט:

„ערשט דורך דער לויפנדיקער יידישער ליטעראַטור, לאָזט זיך עס געניו פעסטשטעלן, אַז די טענדענצן זענען בפועל ממש געזעצן." (זייט 403).

ווי קען מען אָננעמען טעאָרעטישע דערקלערונגען פאַר גע־זעצן? ער וויל די כלומרשטדיקע „געזעצן" אַרויפשפּאַרן אויף די שרייבער, אָבער פאַר טייל זענען זיי צו ענג — ווי אַ קליין היטל אויף אַ גרויסן קאָפּ; אָדער פאַרקערט: ער וויל אָנטאָן אַ גרויסן קאַפּעליוש אויף אַ קליין קעפּל...

אויך געלינגט אים נישט אַלעמאָל געניו צו כאַראַקטעריזירן דאָס אייגנאַרטיקע שאַפן פון אַ דיכטער — טראָץ דעם, וואָס עס בליצן דורך זייער טרעפלעכע באַמערקונגען — פאַלט ער אַמאָל אַריין אין אַן איבערטרייבונג, ווי דער צו האַסטיקער שאָס אויף עדעלשטאַדטן: „ער האָט גאָר קיין פּאָעט־באַוואוסטזיין נישט פאַרמאָגט, און זיין ליד איז פּונקט אַזוי שווינדזיכטיק געווען, ווי דער פּאָעט אַליין." („זאַמלביכער", זייט 330, באַנד 2).

צוגעבנדיק די פּרימיטיווקייט פון שפּראַך און פאָרם — אַ רעזולטאַט פון יענער צייט, ווען די יידישע פּאָעזיע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אַנטוויקלען — האָבן דאָך עדעלשטאַדטס לידער נישט געקענט זיין שווינדזיכטיק, ווייל זיי זענען געווען דער אויסדרוק פון דעם הייליקן עקסטאַז פון אַ גרויסן אידעאַליסט — — אַ באַ־ווייז: זיי האָבן זיך אַריינגעזונגען אין טויזנטער הערצער פון די יידישע אַרבעטער.

אין דער זעלבער אַרבעט זענען אויך דאָ טרעפלעכע גע־דאַנקען און דעפיניציעס. ווי מייסטעריש ער האָט געקענט פאָר־מולירן אַ געדאַנק:

„קאַפּ איז שלעכט, ווען עס איז טרוקענער שאַרבן. אָבער קאָפּ, וואָס איז איינס מיט האַרץ, עמאָציע מיט אָנגעצילעוועט־קייט צו אידייע, איז אַ ברכה.״

און ווי סאַטיריש שאַרף ער האָט אַרויסגעשניטן די וויר־קונג פון דער יידישער פּרעסע אויף דער יידישער ליטעראַטור:

„די געשעפטס־פירונג האָט גאַנץ באַוואוסטזיניק זיך גע־שטעלט דעם ציל: צו באַהערשן דורך דער ציישונג די ליטעראַטור; די פלאַך האָט טריאומפירט: די בלעכענע איבערפלעכלעכקייט פון צייטונגס־ליטעראַטור רעזשים איז געוואָרן אייזערנער גע־זעץ...״

און אַט האָט ביי אים אויפגעלויכטן אַ דעפיניציע וועגן דעם אויפגאַב פון אַ ליטעראַטור ביי אַ פאָלק:

„ליטעראַטור איז באַרופן צו אָרגאַניזירן און צוזאַמענהאַלטן דאָס באַוואוסטזיין פון אַ פאָלק.״

ריווקין האָט אין זיין לעבן געבויט אַ **טורעם אויף אַ זינקנ־דיקער שיף**... די שיף איז געשליידערט געוואָרן פון די כוואַ־ליעס פון דער ברוטאַלער ווירקלעכקייט, אָבער ער האָט זיך ניט **געשראָקן** — נאָר ווייטער געבויט זיין טורעם אין די הימלען אַריין — — אין הינטערגרונט פון זיינע אידייען איז געווען דער **גלויבן**: אַז אַלץ איז מעגלעך — מען דאַרף נאָר שטאַרק וועלן... אין שיקאַגע האָט ער מיר איינמאָל פאַרטרויט: איך בין שוין רייף צו זיין אַ מעדיום — כ׳וועל אייך אויך אויסלערנען, מירן פאָרן קיין ניו־יאָרק, רופן אַ פאַרזאַמלונג און ווייזן וואונדער.

ער האָט עס געמיינט ערנסט. יעדן טאָג האָט ער דערוואַרט עס זאָל געשען אַ נס. פון יעדן אונטערנעם האָט ער דערוואַרט אַ גרויסן דערפאָלג. אויסגעלאָזט האָט זיך פאַרקערט... דערפאָלג האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט, נישט פון זיין זשורנאַל: „נאַ־טור און וואונדער״, נישט פון „אַל־אַמעריקע״ און נישט פון זיין שרייבן אין אַלגעמיין.

ווען איך האָב מיט יאָרן צוריק געוואוינט ביי ריווקינען אין הויז, האָב איך געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך מיט אים נענטער באַ־קענען. ריווקין איז בטבע געווען אַ גוטער מענטש. געווען זייער איידל צו זיינע קינדער. זיין זון האָט קליינערהייט געליטן פון אַ שוואַכקייט: אין אויפרעגונג פלעגט ער זיך שלאָגן קאָפּ אָן וואַנט. ריווקין האָט אויף אים נישט אָנגעשריען, נאָר שטיל, צאַרט האָט ער אים גענומען פאַרשפּילן מיט וויצן, און געלעכטער — ביז

דאָס קינד האָט זיך אויך צעלאַכט און געוואָרן באַרואיקט. מיט דער צייט האָט דער זון זיך אויסגעהיילט פון דער שוואַכקייט — אַ דאַנק דער גוטסקייט און געדולד פֿון פֿאָטער.

אָפּטמאָל איז ריווקין אַרומגעגאַנגען פאַרטראַכט, אָנגעלאָדן ווי אַ שווערער וואָלקן — — מען האָט געפילט, אַז באַלד וועט ער אויסברעכן אין דונערן און בליצן... אָבער ער איז אַלעמאָל געווען גרייט צו טאָן אַ טובה... אויסשטרעקן אַ ברידערלעכע האַנט און אָפּגעהיט אַ וואַרעם ווינקעלע אין האַרצן פאַרן צווייטן. גוטסקייט איז עכטע געניאַליטעט... שלעכטסקייט פירט צו באַנקראָט — צו דעם האָבן די איינגערעדטע חכמים דערפירט.

זיכער זענען ביי אונדז דאָ גוטע שרייבער און געלערנטע — אָבער מענטשן? דאָס וואָס מען דעקלאַמירט אויף די פּלאַטפאָר־מען וועגן די באַרימטע גרויסקייטן איז בלענד און בלאָף... אויך ביי אונדז פעלט די אויסגעהאַלטענע פערזענלעכקייט — — — מיר קלאָגן אָן די פעלקער פאַר זייער רשעות — און מיר אַליין? אַ צו טראַגישער ענין... אַ געפאַר אים אָנצורירן מיט ווערטער. אויך ביי אונדז שטויסט מען זיך אָן צו אָפט אָן דעם רשע... דעם פאַרכאַפּער... דעם בעל־גאוה... און נישט קריטיקער — נאָר היפּאָקריטיקער. — — — דער וואָס פֿאָדערט יענער זאָל זיין איידל און באַשיידן — און אַליין חוצפּהדיק אומעטיש... און אָן עטיק איז נישטאָ קיין מענטש. — —

מאַכט מען אַ חשבון קומט מען צום שלום, אַז ריווקין איז געווען פֿון די פֿיינערע מענטשן און דער באַדייטנסטער קריטי־קער נאָך בעל־מחשבותן. ער איז געווען פילזייטיק און דערפינ־דעריש אין זיין קריטיק. אויב מען זאָל פּרובירן אַ ריזיקאַלישן פאַרגלייך, וואָלט מען געקענט זאָגן: בעל־מחשבות האָט געשריבן ווי קהלת, ניגער שרייבט ווי רש״י — ריווקין האָט געשריבן מאָדערנע קבלה. — — —

---

ברוך ריווקין איז געשטאָרבן שבת דעם 9טן יוני, 1945, אין עלטער פון 62 יאָר.

# משה נאַדיר

## וועגן זיין בוך: „מודה אַני"

איך ווייס, אַז וואָס מען דאַרף, דאָס טו איך ניט,
און אַז מיט גאָלד פון פוסט גלאַנצט מיין קעניגרייך.

נאַדירס בוך: „מודה אַני" איז פאַרנומען מיט דריי הויפּט־מאָטיוון: גאָט, שיקזאַל און טויט. די גאָט־אידייע האָט דער מענטש אויסגעאַרבעט אין געדאַנק, דערנאָך זי אַרויסגעוואָרפן אין דער אָב־יעקטיווער וועלט און זיך פאַרשיכורט מיט איר גרויסקייט. דער פּראָצעס פון גאָט־זוכעריי און גאָט־באַשאַפעריי ווערט געטריבן פון דעם סוביעקטיוון איך — ס'איז דער אייביקער דראַנג צו אַ ליכטיקע־רער אָריענטאַציע. דער מענטש ראַנגלט זיך אייביק מיט דער מיס־טעריעזער דרייאייניקייט: באַשאַפער, שיקזאַל און דאָס אויפהערן. גאָט: דאָס רעטעניש פון ווערן און זיין; שיקזאַל: דער מענטש ווערט אַריינגעשרויפט אין דער געזעלשאַפט און ווי אַזוי ער לעבט זיך אויס אין איר: לעבט ער לויט אירע גרונט־געזעצן, ווערט ער באַלוינט מיט זאַטקייט פון יאָרן; זינדיקט ער קעגן רעזשים, ווערן זיינע טעג פאַרשניטן און ער ווערט נאָך באַלאָדן מיט ליידן.

דער מענטש האָט אָבער באַשאַפן אַן אייגן וועלטל אויף דער אורשפּרונגלעכער וועלט און זיך פאַרדרייט אינעם פּראָצעס פון שאַפן, אויסגעמייסטערט קונציקע שפּילעכלעך, און פּלאָנטערט זיך צווישן זיי. — — —

אין דעם גרויסן פּלאָנטער איז פאַר דעם מענטש נייטיק צו האָבן אַן אידייע אָן וואָס זיך אָנצוהאַלטן. נאַדיר האָט געליטן פון דעם, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין גרונט־אידייע — אפשר דער־פאַר איז ער געווען אַזוי עקסצענטריש, אַזוי הפקרדיק, געהאַסט און באַליידיקט אַלעמען, וועלכע האָבן נאָר געהאַט אַ שייכות צו דער עפנטלעכקייט. פאַרשטענדלעך: די שלעכטע סביבה האָט אויך גע־האַט אַ גרויסע ווירקונג... אָבער אַ שטאַרקע פּערזענלעכקייט ווירקט צוריק אויף דער סביבה צום גוטן.

אין גרונט איז נאַדיר געווען אַ־סאָציאַל — קאָמוניזם איז פאַר אים געווען אַ ליידיק וואָרט... ער האָט דאָרט גאָרנישט אַריינגע־לייגט, אויסער זיין סם־זידלעריי וואָס איז געקומען פון שנאה צו אַנדערע.

נאַדיר האָט קיינעם נישט ליב געהאַט. אפילו נישט זיינע נאָ־ענטסטע. האָט מען ניט קיין עכטע באַציאונג צו אַנדערע מענטשן,

דרייט מען זיך אין אַ ליידיקייט און מען קלאַמערט זיך אָן דעם איי־געגעם איך. נאַדיר איז געווען אויסגעבויגן צום נאַרציזם, וואָס האָט געבוירן אַזאַ פּרוכט:

לאָמיר אַלע אינאיינעם אַנטקעגן גייען
מיט פּאָן און טרומייטער — זיך אַליין.

אַ מענטש וואָס איז נישט קיין נאַרציסט וועט גאָר אַזוינס נישט איינפאַלן...

און אַזוי ווי ער זאָגט אַליין אין אַ ליד: „פאַרלייג די הענט", אַז די וועלט איז בלויז אַ שויפענצטער, אַ שוי, בלייבט בלויז:

קושן די אייגענע ליפּן מיט גלוסט —
און קושן דעם שפּיגל וואָס האָט דיך געקושט.
דינען מיט זעלבסט דעם זעלבסטפּולן גאָט
און נאָכגיין די שפּורן פון אייגענעם טראָט.

פון נאַרציזם ביז ציניזם איז אַ קורצער שפּאַן. ער זאָגט עס אַליין: „מיין קאָפּ, אַ בעכער פון ציניש פּוסט, וועט לאַכן לחיים צום טויט". אַז זיין נשמה האָט זיך געלאַנגווייליקט אין אַ פּוסטקייט קען מען זען פון פילע פון זיינע לידער וועלכע לאַמענטירן מיט ווידוי:

מיין וועלט איז נאַקעט באָרוועס
און איך — אַ שטרוי אין ווינט;
וואָס קלעפּט צום לאַטש פון קורוועס
און קלעפּט צום שוך פון קינד.

ווי טיף ער האָט דערפילט זיין עלנט! ער האָט מיטאַמאָל דער־זען די טעמפּע וואַנט וואָס שטייט צווישן אים און אַנדערע, ער וויינט און קלאָגט:

איך קער מיך אָן — מיט וועמען?
און ווער איז מיינס — אָ, ווער?
איך לאָז אַראָפּ די ברעמען,
און ס'פאַלט אַראָפּ אַ טרער.

די לעצטע יאָרן פאַר זיין טויט האָט ער זיך דערפילט אַזוי פאַר־לאָזן, אַזוי נידערגעשלאָגן, אַז אַפילו יידיש, די שפּראַך פון וועלכער ער איז געווען דער באַליבטער מייסטער, האָט אים אויך מער ניט געטרייסט:

און וועמען בין איך נייטיק —
איך עלנט שטיקל שטיין?
ס'איז יידיש בלויז מיין ווייטיק,
ס'איז יידיש — מיין געוויין.

ער האָט זיך דערפילט הויל און ליידיק אין אַ ליידיקער וועלט.

וואָס האָט ער געזען אין דער ליידיקייט? „רגעלעך ווילד שפּרינגען גאַלאָפּ". אים קלינגט כסדר אין אויער די פראַזע: „גע־ווען־ניטאָ". ווייל ער האָט ניט געגלויבט אין קיין אידייע, אין קיין מענטשן, האָט ער ניט געהאַט קיין זייל אָן וואָס זיך אָנצושפּאַרן. ער האָט געהאַלטן אין איין קלעטערן אויף אַ לייטער פון ווערטער... וואוהין, צוליב וואָס פאַר אַ ציל האָט ער ניט געוואוסט:

אויף באַרג אַ הויכן,
אויף באַרג מיט זשאַווער,
קלעטער איך און קלעטער —
קיין אָנהאַלט איז ניטאָ.

צו געפינען באַהעפטונג אין לעבן איז טאַלאַנט אַליין ניט גע־נוג — ס'איז נאָך נייטיק כאַראַקטער, אויסגעהאַלטנקייט, עטישע דיסציפּלין. זעלבסט־גלאָריפיצירטע הפקרדיקייטן פירט צו פּוסט־קייט... דער אָפּקלאַנג פון זיינע וויצן אויף פרעמדע ליפּן האָט אים מער ניט אָנגערעגט צום גוטן. ער האָט דערפילט, אַז מען קוקט אויף אים ווי אויף אַ ליץ, ווי אויף אַ הפקר־גייסט. ער, וואָס האָט זיך גע־פּוצט ווי אַ פּרינץ, און קאָקעטירט, האָט געוואָלט מען זאָל אים נעמען ערנסט — דער דיכטער אין אים האָט פּראָטעסטירט. ער דערציילט אין אַ ליד ווי אַזוי ס'איז געקומען דערצו: „די נויט האָט באַפוילן מיר „לאַך!" און דאָס לאַכן איז געפעלן דער גאַס, געלויבט האָט זי מיך און באַלוינט. און מיך ווי דעם קעניג־פּאַיאַץ, מיט נאַ־רישע גלעקלעך באַקרוינט."

ער פאַרענדיקט מיט אַ טרויער און פּראָטעסט:

איצט וויין איך דערויף — עס טוט באַנג
צו הערן אין טאָג פון דיין טויט
פון פּורים־גלעקלעך דעם קלאַנג.

כדי זיך צו ראַטעווען האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין אַ באַוועגונג וואָס איז געווען גיפט פאַר זיין ווייכן כאַראַקטער. יאָרן־לאַנג האָט מען דאָרטן געהאַלטן אין איין אָרויפציען אויף אים אַ פּראָלעט־טראַגישע הויט, ביז, סוף־כל־סוף, די הויט האָט געפּלאַצט... ער איז פון דאָרטן אַוועק אָן אָפּגעבריטער. ער פאַרטרויט אונדז מיט מיד־קייט און אַנטוישונג:

אַז וואויל איז דעם וואָס דינט אַ גאָט, אַ קייסער,
צי דעם אינסטינקט פון אַ פּאַרטיי.
איך האָב געפּרוּאווט פון אַלע בלויז דאָס לעצטע —
אַז וויי צו מיר, אַז טויזנט־פּאַכיק וויי!

ערשט נאָך לאַנגע יאָרן איז ער „געקומען צו דעם גרויען תהום פֿון אומגלויבן". ער האָט דערזען דעם שווידערלעכן פֿאַקט, אַז אונטער אַלע באַוועגונגען, אינסטיטוציעס איז באַהאַלטן די בייטש פון דעם ליגנער, דעם שטאַרקן, דעם אונטערדריקער:

איצט ווייס איך שוין, אַז פויסט און פּען אינאיינעם,
זיי זיינען עס דער צווילינג, וואָס רעגירט,
און אַז איבער אַלע פידלען, איבער פּעדערס
עס הענגט די לאַנגע שווערד און זי דיקטירט.

ער האָט קלאָר געזען דאָס אָנקומען פון נאַקעטער ברוטאַליטעט, אין די מערדערישע געשטאַלטן פון די נאַצים: „די שווערד אין דער האַנט פון דער חיה שפּאַנט האַפּערדיק איבער דער וועלט". אים האָט זיך געוואָלט „פאַרקריכן אינעם אויער פון וועלט און אַ געשריי טאָן: „מאָרד!"

די נייע וויזיע, אַז די וועלט ווערט געפירט פון שלעכטס, האָט אים אָבער ניט צוגעגעבן קיין נייעם מוט, נייעם שוואונג; ער איז געבליבן ביי די אַלטע שפּראַך־מיטלען און אין געמיט נאָך מער אומבאַהאָלפן. דער אימפּעט פון די אָנפאַלן איז שוין געווען לאַנג אַריבער, דער טומל און דער טשאַד שוין לאַנג פאַרגאַנגען, די קריגעריי איינגעשטילט — איז וואָס איז אים פאַרבליבן? אַ פּוסטע ניכטערקייט, „פאַרשעמט דאָס פּנים, ס'אויג איז פייכט".

ער האָט ענדלעך דערפילט דעם זעלבסט־קריטישן אמת: אַז אַ גרויסן טייל פון זיין לעבן האָט ער פאַרשווענדט מיט וואַרפן ליטעראַרישע ראַקעטן. אַמאָל איז אין דער לופט געוואָרן רויט, אַמאָל גרין, אַמאָל גאָלדיק, אַמאָל אַ רויך — אָבער קיין נאַטירלעך ליכט איז דאָס נישט געווען. אָבער ביי אַן אמתן דיכטער דאַרף זיין אמתדיק ליכט...

האָבנדיק חרטה אויף זיין ווערטער־פאַרשווענדערישקייט האָט ער געגומען פאַרפאַסן וידויים. דאָס גאַנצע בוך „מודה אני" איז אָנגעפּיקעוועט מיט וידוים. זיין מתוודה־זיין זיך פאַרכאַפּט ניט די נשמה, רירט נישט טיף דאָס האַרץ, פאַרנעמט נישט דעם געדאַנק — עס נעמט נישט, ווייל מען גלויבט אים קוים... און דאָס ערגסטע ביי

אַ דיכטער איז, ווען ער קען נישט מאַכן מען זאָל אים גלויבן — —
האָפּיזן גלויבט מען אפילו דאָס אומגלויבלעכע...

אין דעם בוך „מודה אני" זענען דאָ זייער געלונגענע סטראָפן, טייל געלונגענע לידער אַפּילו, ערנסטע סאַטירע און שפּילעוודיקע איינפאַלן; אָבער דאָס בוך ווי אַ גאַנצעם איבערצייגט ניט, אַז ס'איז אַ וויכטיק פּאָעטיש ווערק. — —

ווען מען פאַרמאַכט דאָס בוך פילט מען ניט, אַז מען וואָלט עס געוואָלט נאָך אַמאָל לייענען.

טראָץ נאַדירס פּראָטעסטירן קעגן די „נאַרישע גלעקלעך", מיט וועלכע די גאַס האָט אים באַקרוינט, זענען אין דעם בוך פאַראַן לידער וועלכע דערמאָנען אָן דעם לץ אין אים. דאָס ליד: „עלית-נשמה" איז אַ פאַנטאַזיע-שפּיל וועגן דער נשמה וואָס קומט אויף יענער וועלט. וואָס אַ שטייגער זעט דאָרט זיין נשמה?

נאָר זי וויזט מיטן פינגער אויפן כסא-הכבוד
און פרעגט, צי איז דאָס אמתע מאַהאָגאָני,
וואָס רייכערט זיך הינטער גאָטס געזעס.
מיין נשמה וויל וויסן צי גאָטס הויזן
זיינען פון אַסבעסטאָס...

ס'טרעפט זעלטן הומאָריסטישע לידער זאָלן אויך האָבן אין זיך עכטע פּאָעזיע. מערסטן הענגען זיי אויפן ראַנד פון גראָטעסק. יוסף באָנקן איז געלונגען צו שאַפן לידער וועלכע פאַראייניקן אין זיך עכטע פּאָעזיע מיט פיינעם הומאָר. ביי נאַדירן איז דאָ שפּיל, וויץ, אָבער פּאָעזיע? ווער ווייס. ער האָט דאָ און דאָרט פּרובירט צו ווערן סוררעאַליסטיש:

כ'האָב אַ שטיקל ווינט אָפּגעשניטן
און איינגעוויקלט אין דער דינסטיק-זון.

אפשר איז דאָ אין דעם „שטיקל ווינט" אָן אָריגינעלער אימאַזש, אָבער קיין גרויסע פּאָעזיע זעט מען דאָ ניט. צופיל געקינצלט; געקינצלטקייט וואַרפט זיך אין די אויגן אינעם גאַנצן בוך. מען דאַרף זיך ניט לאָזן פאַרהיפּנאָטיזירן פון מליצה... ווי טייל לייענער-קריטיקער. פשוט איז נאַדיר נאָר אין זיין שרעק פאַרן טויט:

פעסטער געליבטע,
רוק זיך צו,
עס שרעקט מיך דער טויט
און די אייביקע רו.

ער זעט אַז די גאַנצע וועלט פאַרגייט פאַר אים: „יאָ, אַלץ רינט און שווינדט; זון און וועלט און קייט און קינד". ער האַלט אין איין מאַכן וואַריאַציעס מיטן געדאַנק פון אויפהערן:

און מער איז ניטאָ, ס'וועט ניט קומען
קריק — די פאַרגאַנגענע שטרוי.

נאַדיר האָט דערזען דעם טויט זייער נאָענט — נאָך זייענדיק אַ לעבעדיקער האָט ער זיך שוין געזען אַן אויפגעהערטער, אַ מת:

די ערד וועט פלאַמען און גליען
אויף מיינע ביינער.
עס וועלן זיין אַזויפיל אינדערפריען,
נאָר איך וועל זיין — קיינער.

אין די שורות איז דאָ דיכטערישע אויפריכטיקייט. דאָ חנדלט ער זיך ניט מיט קונציקע ווערטער. ער האָט דערזען דעם פּאַטום: דאָס דערגיין צו דעם ניט-זיין: „אָ, ווי נאָענט, ווי נאָענט מיין גאָט, עס איז שוין די גרעניץ!..." ער האָט זיך ניט געקאָנט באַרואיקן ניט געקאָנט רעזיגנירן: „איך ווייס, אַז די שליאַכן וואָס פירן אַהין, זיי פירן שוין קיינמאָל צוריק." ער האָט זיך געוואָלט טרייסטן מיט אַ טרייסט וואָס טרייסט ניט:

איך בין דער מאַרד, וואָס זאָגט זיך אָפּ פון שטאַרבן,
ווייל ער אַליין האָט אויסגעטראַכט דעם טויט.

אָבער ער אַליין האָט געפילט, אַז דאָס רעדט זיך נאָר אַזוי אין אַ ליד — אין דער ווירקלעכקייט גילט ניט דער פילאָזאָפישער סוב-יעקטיוויזם; דער טויט איז נישט אויסגעטראַכט, די זיכערסטע רעאַליטעט איז דער טויט — — דער טויט שטייט אין סאַמע צענ-טער פון לעבן. אַזוי ווי אַ מענטש ווערט נאָר געבוירן, אַזוי הייבט ער זיך אָן באַלד צו ראַנגלען מיטן טויט: אומבאַוואוסט, גנבעט דער טויט פון אונדז אַוועק שטיקער פון אונדזער לעבן... אפילו ווען מיר יאָגן זיך נאָך פרייד, מיינענדיק, אַז מיר אַנטלויפן פון אים, אויך דעמאָלט לויפן מיר צום אומבאַקאַנטן — — אַרום דעם טויט דרייט זיך דאָס גאַנצע גרויסע רעטעניש פון לעבן. מיר טאַנצן מיטן טויט אַ ברוגז-טאַנץ — מיר אַנטלויפן פון אים, באַלד טאַנצן מיר צו אים צוריק. — —

די לעגענדע דערציילט, אַז אפילו משה רבינו האָט אויך זייער נישט געוואָלט שטאַרבן. גאָט אַליין האָט מיט אַ קוש געמוזט ביי אים צונעמען די נשמה. סאָקראַטעס ווידער האָט זיך ניט געשראָקן פאַרן שטאַרבן. ער האָט שטאַרק געגלויבט, אַז ער וועט לעבן נאָכן

טויט. טאָלסטאָי אָבער איז זיין גאַנץ לעבן געווען אומרואיק צוליב דעם טויט. נאָר דער הייליקער אויגוסטין האָט געזאָגט: „ווען איך בין דאָ, איז דאָך דער טויט ניטאָ, ווען דער טויט איז דאָ, בין איך ניטאָ".

נאַדיר איז נישט דערגאַנגען צו פֿילאָזאָפֿישער רעזיגנאַציע, די שרעק פֿאַרן אויפהערן האָט אים געטריבן צו טראַכטן פֿון אַ גאָט. ווי אַזוי זעט זיך נאַדיר אין דער אָנוועזנהייט פֿון באַשאַפער? די שורות זענען פאַר אים זייער כאַראַקטעריסטיש:

נאָר איך, ווי אַ וועלפל אַ ווילדס, שטיי אויף טרעפ פון דיין טראָן
און קוק דיך אָן, און דו קוקסט מיך אָן...
קענען מיר זיך? בין איך דיר פרעמד דורכאויס?
דו — דער לייב, און איך, — די צעשראָקענע מויז.

דאָס פאַרגלייכן זיך צו אַ „צעשראָקענע מויז" זאָגט אַ סך — דיכטונג איז דאָס אָביעקטיוויזירן דאָס אינערלעכע פון מענטשן; דאָס טיפע פון דער נשמה ווערט אַרויסגעשפּיגלט אין דעם דרויסן אַרויס, דורך אימאַזשן און געשטאַלטן. פּסיכאָלאָגיש גענומען פילט זיך אין דעם פאַרגלייך זינדיקייט... דאָ האָט דורכגערעדט דער אונ־טערבאַוואוסטזיין. אַ ניט־זינדיקער וואָלט זיך קיינמאָל ניט געזען ווי אַ צעשראָקענע מויז, נאָר וואָלט זיך געזען בצלם אלהים.

אַ מענטש בייגט זיך פון איין עקסטרעם צום צווייטן. נאַדיר האָט אַלעמאָל געלעבט מיטן אימפּעט פון זיין זעלבסט־גלאָריפי־צירטן איך; ווען ער האָט זיך דערזען אויפן שוועל פון ניט־זיין, האָט ער דערפילט חרטה און געשריבן:

געווען מיין טראָט איז בעריש,
און אַלע מעשים — שלעכט.

ניט געקענט אָפּהיטן אַביסל אויפריכטיקייט; זיך געדרייט ווי אַ שלאָף־וואַנדלער אַרום זיין אייגענער גרויסקייט. נעגאַטיוו גע־ווען צו אַנדערע, צו זיך אַליין סענטימענטאַל. ערשט אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן, ווען ער האָט געפיבערט מיטן שרעק פאַרן טויט, האָט ער גענומען פרעגן:

ווייל וואָס קען נאָך ערגער און שלימער זיין —
ווי זיין אַ קנעכט צו זיך אַליין?

ער האָט דערפילט דעם לעצטן באַנקראָט — דעם באַנקראָט אין זיך אַליין — און ער האָט גענומען שרייבן צום „אַדאָשעם", לידער צו גאָט:

איך וואַרט, און וואַרט, אַליין, אַליין,
צי וועט מיר גאָט אַנטקעגן גיין?
אַ צוויי־דריי טריט כאָטש ביז צום שוועל —
איך טראָג אים שניי־בלימעלעך אין זעל.

אָבער נאַדירס „אַדאָשעם" איז ניט קיין עכטער גאָט, וואָס ווערט געבוירן ביי אַ גלויביקן אין האַרצן; ס'איז בלויז אַזאַ מליצה... קיין וויזיע פון אַ באַשעפער האָט ער ניט געהאַט, ניטאָ ביי אים קיין איין עכטער אימאַזש וועגן אים. ער האָט בלויז געזען דעם פּאָטאָלן „גאָרנישט"; געפֿילט האָט ער, אַז דאָס וואָרט, „גאָט" האָבן אַנדערע באַשאַפֿן. ער פֿרעגט:

וואָס קען אַ פֿרעמדער גאָט אַ פֿרעמדן מענטשן טויגן?
וואָס נוצט דער ווין אַ לעכערדיקן טאָפּ?

נאַדיר האָט ניט געגלויבט אין קיין גאָט, אויסער אין דעם שרעקלעכן גאָט טויט. אין זיין פּראָזע, „אויטאָביאָגראַפיש", געדרוקט אין אָנהייב פון בוך, זאָגט ער: „קיין העכערס פון מענטש איז ניטאָ. גאָט איז בלויז אויף אַזוי פיל העכער, אויף וויפיל דער מענטש טראָגט אים אויף זיין אַקסל". דערפאַר די „תפילה" צום „פאָטער פון אַלע פאָטערס", געדרוקט צום סוף פון בוך, איז היפּשלעך פריקרע...

האָט נאַדיר ניט געזען? דאָס ליכט איז געקומען צו שפּעט, ווען זיין זון האָט שוין געהאַלטן ביים אונטערגיין... דאָס שלעכטס וואָס ער האָט אָפּגעטאָן פאַר פילע יאָרן האָט ער ניט געקענט פאַרריכטן. שלעכטס בלייבט און פאַלט צוריק.... ער האָט עס אַליין געזאָגט:

עס קניעט שוין מיין האַרץ אין אָפּגעלעשטן צאָרן,
ווייל דאָס וואָס דו וואַרפסט אַרויף, קומט דאָך קריק אַראָפּ.

דער סך־הכל: קיין גרוים ווערק פון זיין חרטה און וידוי האָט ער ניט געשאַפן. פאַר אַ וידוי איז דאָ צו ווייניק אַנטפּלעקט אויפריכקעס... אפילו וועגן דעם פּאָעט מ. ל. האַלפּערן האָט ער געשריבן פעליעטאָניסטיש. ניט ריכטיק איבערגעגעבן, ווי אַזוי משה לייב איז אַריין און אַרוים פון דער „פרייהייט". פאַר אַ בוך פּאָעזיע האָט עס צו ווייניק וואָג — — געזאַמלט אייגענע טרערן און זיפצן אין פערזן. קיין איין ליד, קיין שורה אפילו וועגן יידישן פאָלק — —ווי דער חורבן פוילן, וואָס האָט ניט קיין גלייכן אין די צייטן, האָט אויסגעמידן זיינע עגאָצענטרישע אויערן — — דאָ און דאָרט

שיינט דורך אין בוך אַ פּאַטעטישע שורה, אַ פיינער אָריגינעלער איינפאַל; מען קען אויך געפינען ניט קיין שלעכטע לידער, ווי: „עפּעס אַזוינס", „דער פלעק", „פּאַיאַצאַ", אָבער אינגאַנצן איז דאָס בוך ניט קיין גרויס ווערק.

אַ גרויסן טייל פון זיין שעפערישער ענערגיע האָט ער פאַרשווענדט אין נעגירן... וואָס איז פון די אַלע שאַרפע אַטאַקעס געבליבן? פון די פראַזן: „בורזשוק גיב אַהער די וועלט"? דערנאָך זיין איבערבייטן זיך, ווען „איבערבויען דעם מענטש דורך דערציאונג" און קומען צום „דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם" — דאָס האָט שוין קיינעם ניט באַווירקט. באַנאַל! מען האָט אים נישט גענומען ערנסט — — ער האָט פאַרשפּילט זיין אויפריכטיק וואָרט. ווייל: פריער פאַרשפּיגן אַלעמען רעכטס, דערנאָך לינקס — גערופן די באָלשעוויקעס „פאַלשעוויקעס"...

אין זיין פאָרוואָרט צום בוך, זאָגט ל. פיינבערג: „מיט משה נאַדירן איז אָפּגעשטאָרבן אַ גרויסער ייד."

אַ גרויסער ייד קעמפט פאַר אמת-יושר און לעבט אַליין עטיש, איז מער-ווייניקער אַן אויסגעהאַלטענע פערזענלעכקייט — קען מען דאָס זאָגן וועגן נאַדירן?

נאַדירן וועט מען געדענקען ווי דעם הומאָריסט און גרויסן מייסטער פון יידיש.

# דערמאָנונגען וועגן משה נאַדיר

ווען איך האָב געהאַלטן אין שרייבן די קריטיק: „אַ בוך משה נאַדיר", האָב איך נאַדירן אינטערוויואירט מכוח זיינע מיינונגען וועגן יידישע שרייבער, מיטן צוועק זיי זאָלן אַריין אין מיין בוך וועגן אים. ווען דער מאַנוסקריפּט איז געווען פאַרטיק, האָב איך אים געגעבן צום רעדאַקטאָר פון דער „פרייהייט", שכנא עפּשטיין. ער האָט צוגעזאָגט אָפּצודרוקן דאָס גאַנצע בוך, אָבער בלויז געדרוקט עטלעכע קאַפּיטלען. ווען די רעדאַקציע האָט זיך אַריבערגעצויגן אויף יוניאָן סקווער, איז דער מאַנוסקריפּט פאַרלוירנגעגאַנגען. האָב איך באַדאַרפט אויפסניי אָנשרייבן אַ גרויסן טייל פון בוך.

אין 1925 בין איך איינגעלאַדן געוואָרן אין טאָראָנטע צו האַלטן עטלעכע לעקציעס. האָב איך דערהאַלטן אַ בריוו פון נאַדירן, וואו ער האָט געפאָדערט איך זאָל אים צושיקן די אינטערוויוען. האָב איך אים געענטפערט: אַז זיינע מיינונגען וועגן יידישע שרייבער האָב איך פאַרשריבן מיט זיין איינשטים — מיטן תנאי זיי זאָלן אַריין אין בוך. אין די וויטערדיקע בריוו האָט ער זיך עקלהאַפטיק געזידלט. האָב איך אים האַרציק געבעטן ער זאָל אויפהערן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן — וואָס ווייטער איז ער געוואָרן אַלץ שאַנדהאַפטיקער, אַלץ טייוולשער. מיינענדיק ווער ווייס וואָס פאַר אַ וואונדערלעכע געדאַנקען איך האָב פון אים געהערט און פאַרצייכנט, האָט ער פאַרגעזעצט די זידלאַטאַקע ביז עקל — — געווען געצוואונגען אויפצוהערן מיט אים צו קאָרעספּאָנדירן.

זעענדיק אַז זיינע אָנפאַלן העלפן ניט, איז ער אַרויס מיט דער פאַרלוימדונג, אַז איך האָב ביי אים צוגענומען מאַנוסקריפּטן, און אין דער „פרייהייט" געדרוקט דאָס־אַ:

משה נאַדיר בעט

נח שטיינבערגן, צום וויפילסטן מאָל ער זאָל אים אָפּשיקן זיינע (נאַדירס) מאָנאָגראַפיעס איבער יידישע שריפטשטעלער, וואָס ער (שטיינבערג) האָט דורך אַ טעות מסתמא מיטגענומען מיט זיך, ווען ער איז אַוועקגעפאָרן פון ניו־יאָרק. איך בעט אים עס (?) מיר גלייך צושיקן.

ווי איר זעט פון דעם געדרוקטן, האָט נאַדיר געמאַכט אין דער עפנטלעכקייט זאָל עס אויסזען אומשולדיק. געוואָרן איידל; ער

„בעט" — — ווי ער וואָלט מיך ווילן פֿאַרענטפֿערן: „דורך אַ טעות מיטגענומען מיט זיך."

נאַדירס אומערלעכקייט איז באַשטאַנען: וואָס אַנשטאָט צו באַנוצן דאָס וואָרט אינטערוויוען, האָט ער געשריבן „מאָנאָגראַפֿיעס" און „מאַנוסקריפּטן". דעם זעלבן ליגן האָט ער געשריבן, ווען ס'איז שוין געווען געדרוקט אין מיין בוך וועגן אים אונטערן טיטל: נאַדיר וועגן אונדזערע שרייבער." מען קאָן זען אין מיין אַרבעט: „אַ בוך משה נאַדיר", אַז דאָס זענען נישט געווען קיין מאַנוסקריפּטן. טייל פֿון די מיינונגען האָב איך פֿאַרצייכנט פֿון נאַדירס רעדעס אויף ליטעראַרישע אָוונטן.

יאָרן־לאַנג האָט נאַדיר אָנגעהאַלטן דעם בלבול. אין זיין ענטפֿער צו דר. מוקדוני, האָט ער ווידערהאָלט דעם שענדלעכן שקר: „גענומען מאַנוסקריפּטן". פֿאַרגעסנדיק וואָס ער האָט פֿריער געשריבן און וועלנדיק אָפּלייקענען מוקדונים פֿאַלשע באַשולדיקונג, אַז ער האָט באַצאָלט פֿאַרן אַרויסגעבן מיין בוך, שרייבט נאַדיר:

> דער ליט־פּימפּ ווינקט דאָ מיט אַן אייגל, ווי איינער רעדט: נאַדיר האָט אַליין באַצאָלט פֿאַרן בוך... יענער האָט ניט געטאָרט אַ וואָרט אויסמעקן... לייענט־זשע אומיסטן דאָס ביכל, און אויב עס איז מעגלעך, אַז אַ מענטש זאָל זיך אַליין מאַכן אַזוי צום אויסדרייען, זאָל זיך אַליין אָפּשמייסן, און נאָך באַצאָלן געלט דערפֿאַר, האָט ער די ווערט, אַז מ'זאָל אים שטעלן אַ גאָלדענע מצבה.
>
> אין דער „מאָרגן־פֿרייהייט": „וואָס צערנען די ליטעראַרישע גענגסטער?"

פֿון דעם ציטירטן איז צו זען, אַז נאַדיר האָט געמיינט, אַז אין מיין בוך האָב איך אים געמאַכט „צום אויסדרייען", וואָס ס'איז ניט ריכטיק. אין מיין בוך האָב איך געזוכט צו זיין אויפֿריכטיק און אָביעקטיוו — נאַדירן אָוועקגעשטעלט פֿאַר אַ גרויסן שרייבער און שפּראַך־מייסטער — — נאָר צו זיין קריטיש אויסגעהאַלטן, האָב איך אויך אָנגעוויזן אויף זיינע חסרונות אַלס מענטש... דאָס האָט אים געערגערט און ער האָט עס מיר ניט געקאָנט פֿאַרגעבן. — —

אין אַ צייט שפּעטער, אין שיקאַגע, האָבן מיר די קאָלעגן געגעבן דעם פֿאָלגנדיקן בריוו, וואָס נאַדיר האָט זיי געשיקט. איך גיב דאָ אַ טייל פֿון אים, דאָס איבעריקע איז צו עקלהאַפֿט צו דרוקן:

גוטע חברים פון „אינאײנעם״:

נאָך אַ מאָל וועגן דעם אינצידענט נח שטײנבערג.

כ׳לײג אַרײן אַ בריוו פון דעם „אײדעמל״, וואו ער גיט צו, אַז ער האָט פאַר מײן „פרײנטלעכקײט״ (האָבן מיר אים דאָ אויפן לאַנד געהאַלטן פאַר אַ „גאַסט״ איבער צװײ חדשים. און געגעסן האָט ער נישט מיט די אַרבעטער נאָר מיט אַלע חשובע געסט...) יאָ געהאָלפן אונטערטראָגן אַ פּאָר ברעטלעך און איבערשרײבן עטלעכע אַדרעסן...

וואָלט ער געווען אַביסל נענטער, וואָלט איך אים טיכטיק אָנגעפּאַטשט און — פאַרטיק. אָבער דאָס געמײנע אײדעמל האַלט מײנס איז זײנס... דערפאַר וואָס איך האָב אים דערלאַנגט, הײסט דאָס, צום טיש גאָפּל־לעפל, איז אַ סימן, אַז איך האָב געוואָלט ער זאָל זיי אַרײנלײגן אין קעשענע. — דאָס איז נישט קײן גניבה, נאָר פרײנטלעכקײט...

מילא, אָבער איר פאַרשטײט דאָך, אַז איך האָב אים די זאַכן דיקטירט, ער זאָל זיי איבערגעבן אין מײן נאָמען. (נישט נאָר אין כיטרע גענזזענפּיסלעך...) געוועזן איז געווען אָפּגעמאַכט, אַז דאָס בוך דאַרף אַרויס נישט שפּעטער ווי לעצטן יאַנואַר. איך האָב די זאַכן אויסגעליגן ביז אַ געוויסער צײט. איצט דאַרף איך די זאַכן האָבן. בין גרײט אים צו באַצאָלן פאַר די עטלעכע שעה אַרבעט, וויפיל איר וועט זאָגן, אַז עס איז ווערט...

דער בריוו איז פול מיט זידלערײ און ליגן. פאַר אײנשטײן אין זײן פּלאַץ האָב איך אים באַצאָלט דעם רעדוצירטן פּרײז וועלכן ער האָט מיט מיר געהאַט אָפּגעמאַכט. קײן מאַנוסקריפּטן האָט ער מיר נישט אויסגעליגן. נישט געווען קײן אָפּמאַך ווען דאָס בוך זאָל אַרויס. דאָס זענען דרײ פאַלשע באַהױפּטונגען.

נאַדיר אַלײן לאָזט אַרויס דעם ליגן פון זאַק... אין בריוו לײקנט ער אָפּ וואָס ער האָט געשריבן אין דער „פרײהײט״. דאָרט האָט ער געשריבן: אַז כ׳האָב זיי „דורך אַ טעות מסתמא מיטגענומען מיט זיך״, ווען כ׳בין אָפּגעפאָרן פון ניו־יאָרק. אין בריוו שרײבט ער: „איך האָב אים די זאַכן אויסגעליגן ביז אַ געוויסער צײט״. דער זכרון פאַרראַט דעם ליגנער — — בײדע זײנע באַהויפּטונגען זענען פאַלש.

די קלאָגן אין שיקאַגע, זעענדיק זיי האָבן צו טאָן מיט אַ ליגנער — האָבן זיי דאָס בלויז באַדויערט.

צי נאַדיר איז געווען ביים זינען, ווען ער האָט אַזוי געהאַנדלט, איז שווער צו זאָגן — — ער איז נישט אַרויס אָפן: שטיינבערג האָט אין זיין בוך געשריבן, אַז איך בין אַן עגאָצענטריקער — און ווייל ס'איז אמת, טוט עס מיר אַזוי וויי... (פּריוואַט האָט ער עס געזאָגט — ביים געזעגענען זיך מיט מיר אין סי־גייט קוני איילענד.) שרייבן דאָס אין דער עפנטלעכקייט, וואָלט עס דאָך געווען אויפריכטיק — אויף דעם איז ער נישט געווען פייאיק — איז ער אַרויס מיט אַ סענסאַציע אין דער פּרעסע: „שטיינבערג האָט ביי מיר צוגענומען מאַנוסקריפּטן". געוואוסט דאָס וועט מען אויפנעמען מיט אינטערעס — — אַ קליינינקייט — אַ קריטיקער אַ גנב... אַ סך האָבן טאַקע די באַשולדיקונג געכאַפּט אויף דער צונג. צו רכילות כאַפּט מען זיך צו ווי צו פרישן לעקעך — — שרייבער האָבן דאָך נאַדירן געהאַלטן פאַר אַ קיביצער, אַ הפקר־מענטש — וואָס קאָן שרייבן אַהין און צוריק... אָבער זיין בלבול אויף מיר האָבן זיי געגלויבט — ווי ס'וואָלט געווען געשריבן פון איינשטיינען. ווי שטאַרק מען איז גענייגט צו גלויבן שלעכטס... נישט נאָכפאָרשן, זוכן באַווייזן — רכילות איז גענוג — — — אפילו אַ משוגענער וואָלט נישט געגלויבט, אַז צען שרייבער האָבן געשריבן מיין בוך: „יונג אַמעריקע" — זיי גלויבן עס יאָ...

ווען איך בין אין 1926 געקומען קיין ניו־יאָרק, האָט דער מאָלער, הומאָריסט, יאָסל קאָטלער, (נאַדירס אינטימער פריינד), געדרוקט אין דער „פרייהייט" דעם פאָלגנדיקן בריוו:

### שלום צווישן משה נאַדירן און נח שטיינבערגן

דער מחלוקת צווישן משה נאַדירן און נח שטיינבערגן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ מיספאַרשטענדעניש, ווייל קריגנדיק זיך דורך בריוו אין אַ בייזער שעה, פון ניו־יאָרק ביז שיקאַגע האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ סך אומפאַרשטענדלעכע טעותן אין אויסלייגן, למשל: אַז מען דאַרף שרייבן משה מיין פריינד, און מען לאָזט אויס די רייש? קען שוין קיין גוטס דערפון נישט אַרויסקומען.

דעם ערשטן טאָג ווען שטיינבערג איז געקומען פון שיקאַגע איז ער אַריין צו מיר אין סטודיאָ, און מיך געבעטן, אַז איך זאָל גיין צו משה נאַדירן און מאַכן שלום. און אַזוי ווי איך בין געווען פאַרנומען מיט דעם נייעם פּראָגראַם פון אונדזערע מאַדיקאַטלעך, האָב איך נישט געהאַט קיין צייט דאָס צו טאָן אַזוי גיך. דערווייל האָט משהן פאַרדראָסן דערפאַר וואָס שטיינבערג איז נישט געקומען דערקלערן דעם ענין, האָט ער אים דערווייל אַריינגעשריבן אַ בריוול

אין דער „פרייהייט". איז דאָס דאָך געלעגן אויף מיין געוויסן, בין איך אַוועק צו נאַדירן אין שטוב און געזאָגט, סטייטש, משה, צו וואָס קריגט איר זיך מיט אַ מענטשן, וועלכער שעצט אייך? און האָט וועגן אייך אָנגעשריבן אַ בוך. האָט מיר משה געזאָגט, אַז נח האָט אים אַרויסגעבראַכט פון געדולד דערמיט, וואָס ער האָט אים נישט געענטפערט אויף וויכטיקע בריוו. אָבער די אורזאַך פון דעם קריג איז וויניק אינטערעסאַנט. וויכטיק איז צו דערקלערן, אַז דער גאַנצער קריג איז געווען אַ מיספאַרשטענדעניש, ווייל אי נאַדיר, אי שטיינבערג זענען איינשטימיק אַז דאָס בוך וועגן נאַדירן זאָל פאַרעפנטלעכט ווערן. און דער פאַקט, לייקנט אָפּ דעם עפנטלעכן בריוו וואָס נאַדיר האָט געדרוקט וועגן שטיינבערגן און דאָס וועט אויך פאַרשפאָרן די מי פון אברהם רייזען צו פירן דעם ערן־געריכט, וועלכער איז געפּלאַנט געוואָרן.

איצט האָט נח שטיינבערג אַריינגעגעבן דאָס בוך צום דרוק. ס'וועט הייסן, „אַ בוך משה נאַדיר" מיט צייכנונגען פון זוני מאוד, וויליאַם גראָפּער און עטלעכע מיינע וויניעטקעס. פון היינט אָן און ווייטער וועט שוין זיין שלום ושלוה און מ'וועט טרינקען וויין און גיין אַ פריילעכס לכבוד דעם בוך און דער עיקר לכבוד דעם שלום. זאָל מען דערלעבן איבעראַיאָר און זיך ווייטער קריגן.

יאָסל קאָטלער

נאָך אונדזער שלום־אָפּמאַך איז נאַדיר ווידער געוואָרן צו מיר גוט־ברודעריש. לאַנג האָט עס נישט אָנגעהאַלטן. איך האָב געפרעגט קאָטלערן: פאַר וואָס האָט נאַדיר וועגן מיר געשריבן אין דער פרעסע די פאַלשע באַשולדיקונג? האָט קאָטלער דערקלערט:

ווייל ער איז געווען אין כעס פאַר וואָס איר האָט דאָס בוך באַלד נישט אַרויסגעגעבן און ווייל איר האָט אים אויפגעהערט ענטפערן אויף זיינע בריוו.

נאַדיר האָט צוגעזאָגט, ווען דאָס בוך וועט זיין אָפּגעדרוקט, וועט ער עפנטלעך צוריקציען זיין באַשולדיקונג. ער האָט זיין וואָרט נישט געהאַלטן.

ווען דאָס בוך איז אַרויס זענען טייל שרייבער מיך באַפאַלן מיט טענות און באַליידיקונגען. נישט פאַרגינען נאַדירן ביים לעבן אַ גאַנץ בוך... דר. איסר גינזבורג האָט מיך באַטיטלט: משוגענער. לייוויק האָט דאָס בוך אָנגערופן: שקר. אַלגין האָט געזאָגט: ער וועט נישט לאָזן שרייבן אין דער „פרייהייט" וועגן דעם „בולוואַרן בוך", און געהאַלטן וואָרט. נישט געווען דאָרט

קיין איין שורה — כאָטש נאַדיר איז דאָרט געווען אַ מיטשרייבער. אָבער אויף די ביכער־אויספאַרקויפן, האָבן זיי דאָס בוך פאַרקויפט.

נאָך אַלע קריגערייען האָב איך דאָך אַרויסגעגעבן „אַ בוך משה נאַדיר", ווייל ס'איז אַ וויכטיקע אַרבעט און געשריבן אין פיינעם סטיל, ווי אַ סך לייענער האָבן מיר געזאָגט.

ווען דאָס בוך האָט שוין צירקולירט און אַרויסגערופן סקאַנדאַלן, האָט זיך נאַדיר אָנגעהויבן באַציען צו מיר ביידזוויליק אין דער פּרעסע. אין אַ בריוו פון מאָסקווע אין דער „פרייהייט", איז אים ניט געלעגן אינזינען צו שרייבן וועגן די אויפטועגגען פון דער רעוואָלוציע — נאָר מיר עפּנטלעך אַ שטאָך געטאָן — — אין 1929, ווען ס'איז דערשינען מיין זאַמלבוך: „יידיש אַמעריקע", האָט ער אונטער אַ פּסעוודאָנים אין דער „פרייהייט" געמאַכט חוזק און דאָס זאַמלבוך אָנגערופן: „נח מיט דער תיבה". נאָר אויף זיין רייזע איבער פּוילן און רוסלאַנד האָט ער נישט פאַרגעסן מיטצונעמען אַ קאָפּיע פון דעם סקאַנדאַליזירטן בוך און עס געוויזן צו פריינד און קאַלעגן...

נאַדיר האָט מיך שפּעטער אויפגעהערט צו אינטערעסירן. ווען ס'איז געקומען דער פּאַקט פון סטאַלין מיט היטלערן, האָט נאַדיר פאַרלאָזן די קאָמוניסטן און איז אַרויס מיט אַ דערקלערונג געדרוקט אין דער „מאָרגן־פרייהייט":

סי־גייט, דעם 24טן אויגוסט, 1938.

מיט גרויס ווייטיק דערויף, וואָס איך האָב מיט מיינע קליינע מיטלען געהאָלפן וואָרעמען אויף אונדזער ברוסט אַ שלאַנג, וואָס האָט אין אָנהייב אויסגעזען ווי אַ טויב.

ער האָט צוגעגעבן: „קאָמוניזם און נאַציזם זענען צוויי קלינגען פון דער זעלבער שער."

צוריקקומענדיק קיין ניו־יאָרק אין 1929, נאָך אַ לאַנגער רייזע איבער די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, קריג איך אַ טעלעפאָן פון נאַדירן, כ'זאָל גלייך צוקומען אין רעסטאָראַן וואו ער וואַרט אויף מיר. פּונקט מיט זיך געהאַט די ערשטע קאָפּיע פון דעם זאַמלבוך: „יידיש אַמעריקע". אַרום יענער צייט איז אַרויס נאַדירס בוך: „אַ לאָמפּ אויפן פענצטער". אַ בוך מיט שוואַכע לידער. כ'האָב וועגן דעם בוך נישט געוואָלט שרייבן. שרייבן דעם אמת, וואָלט געמיינט אָנהייבן אַ נייעם קריג. האָב איך זיך געווענדט צו מ. ל. האַלפּערן. האָט ער געענטפערט:

אזוי ווי ס'איז אַ שוואַך בוך, לויבן קאָן ער עס ניט, אַרונטעררייסן אַ פריינדס אַ בוך וויל ער ניט. די אַנדערע קריטיקער האָבן זיך ניט געוואָלט אַנהייבן מיטן גראַגער פון דער לינקע פרעסע...

ווען איך בין געקומען צו נאַדירן און ער האָט דערזען דעם זאַמלבוך, האָט ער באַלד גענומען בלעטערן — געזוכט אַ קריטיק איבער זיין בוך. ער האָט בלויז געפונען מיינס אַ נאָטיץ. די לופט איז געוואָרן ענג — דער קריג האָט זיך אָנגעהייבן.

**נאַדיר:** פאַר וואָס האָט איר ניט אַריינגעגעבן אַ קריטיק איבער מיין בוך?

**שטיינבערג:** קיינער האָט ניט געוואָלט שרייבן וועגן אייער בוך.

**נאַדיר:** פאַרוואָס האָט איר אַליין ניט געשריבן?

**שטיינבערג:** כ'האָב שוין גענוג געשריבן וועגן אייך.

נאַדיר האָט געגעבן אַ שליידער דעם זאַמלבוך צו דער ערד.

איך האָב עס אויפגעהויבן און זיך צוריק געזעצט ביים טיש.

נאַדיר האָט מיך גענומען גראָב באַליידיקן. איך בין געוואָרן אין כעס און אים שאַרף אָפּגעענטפערט. אים געזאָגט, אז כ'האָב פון אים געדולדעט אַ לאַנגע צייט, אָבער אַלץ האָט אַ גרעניץ — כ'וויל ניט מער! זיין געמיינע האַנדלונג האָט אַטראָפירט מיין רעספּעקט צו אים. כ'האָב אים מער ניט געשוינט.

נאַדיר איז געוואָרן בלאַס, געזאָגט מיר זאָלן אַרויסגיין אין דרויסן, וועט ער מיר געבן פעטש. איך האָב אָנגעטאָן מיין מאַנטל, נאַדיר האָט אָנגעטאָן זיין מאַנטל מיטן הוט, באַצאָלט דעם רעס־טאָראַטאָר און ער איז געבליבן אינעווייניק שטיין ביי דער טיר. איך בין אַרויס אין דרויסן און אויף אים געוואַרט. דער כעס אין מיר האָט געברענט.

ס'איז אַוועק אַ צייט און נאַדיר איז ניט אַרויסגעקומען. אַרויסגעקומען איז גאָר זיין לובאָוויצע און געבעטן: „שטיינבערג, טוט מיר צוליב און גייט אַוועק — טוט עס פאַר מיר." איך בין אַוועקגעגאַנגען.

מער האָב איך צו נאַדירן ניט גערעדט. נאָך איינמאָל אים געזען אין סי־גייט. זיין קאָפּ איז שוין געווען שטאַרק גרוי, זיינע אויגן אומעטיק. מיר האָבן ניט גערעדט, כאָטש מיר זענען געשטאַנען נאָענט איינער צום אַנדערן.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, זייענדיק ביי דער דיכטערין, אליזה גרינבלאַט אין הויז, האָט זי מיר דערציילט, אַז נאַדיר איז

זייער קראַנק, געהאַט האַרץ־אַטאַקעס און האָט מורא ער וועט שטאַרבן. זי האָט מיך געבעטן, כ׳זאָל אים שרייבן אַ בריוו.

כ׳האָב אים געשריבן און צווישן אַנדערס אים געפרעגט:

ווי אַזוי האָט זיך זיין האַנט געהייבן צו שרייבן, אַז איך האָב ביי אים צוגענומען מאַנוסקריפטן? אַז ער און גאָט ווייסן דאָך, אַז ס׳איז נישט אמת.

ער האָט מיר געענטפערט דעם פאָלגנדיקן בריוו:

פאַקסימילע פון משה נאַדירס בריוו צו נח שטיינבערג

דער בריוו איז געשריבן געוואָרן אַ יאָר און אַ האַלב פאַר זיין טויט. ער פאַרענדיקט דעם בריוו:

„איך וואַרט אויף אַ געלעגנהייט עפּעס צו פאַרריכטן (עפּנטלעך) אין אונדזערע באַציאונגען, אויב עס וועט מעגלעך זיין, און אויב עס וועט נישט ווערן צו שפּעט." מ. נאַדיר.

ער האָט זיין צוזאָג נישט דורכגעפירט. ווי אַזוי האָט ער געקענט? ער וואָלט דאָך באַדאַרפט צוגעבן ער האָט געמאַכט אַ בלבול אויף אַן אומשולדיקן מענטשן. דערציילן, אַז ער האָט

עס געטאָן זיך אָפּצורעכענען מיט מיר — וואָלט עס געווען אַ וואָרע ווידוי — דאָס האָט ער נישט געקאָנט; דאָס וואָלט געטאָן אַ טאָלסטאָי... פּרובירט ער אין בריוו זיך פאַרענטפערן מיט שיטן ווערטער אין די אויגן: „איך האָב געזינדיקט קעגן דיר, אַנדערע קעגן מיר” — צו פאַרטומלען דעם געוויסן...

כ'האָב נאַדירן געשריבן נאָך איין בריוול, פאַרלאַנגנדיק ער זאָל דורכפירן זיין צוזאָג. אויפן צווייטן בריוו האָט ער נישט געענטפערט. שפּעטער איז געוואָרן צו שפּעט — צו שפּעט אויף אייביק — —

משה נאַדיר איז געשטאָרבן דעם 8טן יוני, 1943.

# קריטישע באַמערקונגען

נאַדירס טויט האָט אין מיר דערוועקט געמישטע געפילן און געדאַנקען. דער צער וואָס אַ מענטש איז געשטאָרבן — די יידישע ליטעראַטור האָט פאַרלוירן אַ גרויסן סטיל-ווירטואָז. אויך האָט דער טויט דערמאָנט די מיאוסע מעשים זיינע — וועלכע האָבן אין רעטראָספּעקט אויסגעזען פיל מיאוסער... ווי ווען זיי זענען באַגאַנגען געוואָרן. ווייזט אויס, אַז שלעכטע האַנדלונגען ליימערט די צייט ניט אוים — — ערשט איצט, האָב איך איינגעזען ווי געפערלעך ער האָט געקאָנט זיין... טאַקע ווייל ער איז געווען אַ גרויסער טאַלאַנט און אים גענוצט ווי אַ קליינער מענטש — — נישט ווייל ער איז געווען באַווירקט פון דער עסטעטישער שולע אין דער ליטעראַטור, ער איז געווען באַקאַנט מיט די עטישע לערן פון די נביאים; דער ענין איז פיל טיפער... דער נסיון איז געווען: **וואָס אים האָט זיך געוואָלט לעבן גוט — אין אַ וועלט וואו די מערסטע מענטשן לעבט זיך שלעכט**... אונדזער סביבה האָט אים ניט געגעבן קיין מעגלעכקייט דערצו. האָט דאָס געפירט צו אַ קאָנפליקט און צעשטערט זיין מאָראַלישע גאַנצקייט.

מען טאָר נישט זיין קיין שטרענגער ריכטער איבער קיינעם. לעבן מיר דאָך אין אַ וועלט וואו די גרונט-זאַכן זענען אַ מיסטעריע. מיר ראַנגלען זיך און ווייסן נישט צוליב וואָס — — מיר טוען אַזוי — ווייל מיר זענען אַריינגעשרויפט אין אַ קייט פון אורזאַך און מוז... און האָבן בלויז די אילוזיע אַז מיר זענען פריי און האָבן אַזוי געוואָלט.

ביים בעל־שכל דאַרף אָבער זיין אַ חשבון — — מען טאָר נישט לאָזן פאַרטונקלען די גרעניץ צווישן גוטס און בייז — אפילו נישט צוליב דער באַליבטער קונסט. **דער מענטש דאַרף זיין הייליקער פון אַלע קונסטן** — — אַנדערע פעלקער קאָנען זיך אפשר פאַרגינען צו האָבן הפקר־קינסטלער — זייער וועלט איז גרויס און רייך; אונדזער וועלטל איז ענג און אָרעם — מוז אַ יידישער קינסטלער זיין אַן עטישער מענטש... אַז ניט פירט ער צו באַנקראָט.

נאַדיר האָט באַנקראָטירט. זיין ווערן אַ בעל־תשובה נאָכן היטלער־"פאַקט" האָט נישט געמאַכט קיין טיפן איינדרוק. מען האָט זיין ווידוי נישט גענומען ערנסט. פאַרן טויט איז ער געוואָרן **טראַגיש געלייטערט** — אָבער ער האָט שוין גאָרנישט געקאָנט פאַרריכטן; ווערטער, אפילו די שענסטע, זענען ניט גענוג... **די וועלט פאַרלאַנגט אַ מענטש — — אַן אויסגעהאַלטענעם מענטש.** — — —

נאַדירס טעות: ער האָט **איבערגעשאַצט די קונסט און אונטער־געשאַצט דעם מענטשן.** ער האָט געמיינט, אַז אַ קינסטלער מעג אפילו טאָן שלעכטס. ער האָט מיר אַמאָל דערמאָנט די שלעכטע מעשים פון היינען און דאָסטאָיעווסקין, צו פאַרענטפערן זיין אייגן שטרויכלען. מיט שיינע ווערטער וועט ער שוין אַלץ פאַרגיטיקן. מיט דעם איז ער נישט געווען אָריגינעל — אַזוי טוט דאָך די גאַנצע וועלט.

די וואָס ווילן אים פאַרענטפערן, אַז אַ גרויסער שרייבער מעג אַלץ — דאַרפן געדענקען דעם שטאַנדפונקט פון די דייטשן: זיי זענען אויבערמענטשן... מעגן זיי אויסשעכטן אַ וועלט. — —

נאַדיר האָט געמאַכט פון וואָרט אַ פעטיש. ס'איז וואָר אַז צום שלעכטן האָט דאָס וואָרט אַ געוואַלדיקן כוח — אָבער צום גוטן? שוין טויזנטער יאָרן ווי מען רעדט קלוגע רייד... און זעט ווי די וועלט זעט אויס — — דאָס וואָרט מוז זיין באַגלייט פון דער שיינער טאַט — אויב נישט איז עס אַ ליגן. אונטער אַן ערלעך וועקסל געפינט זיך מזומן אין באַנק, אַזוי מוז דאָס וואָרט האָבן הינטער זיך די **עטישע פערזענלעכקייט.** אָן דער גייסטרייכער פערזענלעכקייט פון וואָלט וויטמאַן, למשל, וואָלט זיין בוך: „בלעטער פון גראָז", נישט געווען קיין גרויס ווערק.

נאַדיר איז געווען אַ גרויסער טאַלאַנט — אָבער אַ קליינע פער־זענלעכקייט. ער האָט נישט איבערגעלאָזט קיין איין גרויס ווערק... זיין טאַלאַנט פאַרשווענדט אויף בליציקע פראַגמענטן. רעדנדיק צו אים וועגן דעם ענין, האָט ער מיר געזאָגט: „נאַדיר אַליין איז אַ גרויס ווערק." און דערמיט באַוויזן זיין קליינלעכקייט — — אין זיינע

שריפטן איז נישטאָ קיין איינציקער כאַראַקטער מיט וועלכן ער האָט מיטגעפילט. זיינע פאַרשווינען זענען מאַריאָנעטן פון וועלכע ער האָט אָפּגעלאַכט. ער האָט נישט טיף פאַרשטאַנען קיין מענטשן. מענטשן דערקאָנט מען דורך ליבשאַפט — — אפילו מען אַנטוישט זיך אין זיי... ער איז געווען צופיל פאַרליבט אין זיך אַליין, צו קענען ליב האָבן זיינע מיטמענטשן. זיך וויצלען איבער זיי — דאָס האָט ער געקאָנט.

ש. לעשצינסקי פּרובירט פאַרענטפערן נאַדירן מיט אַ ציטאַט:

„ווער האָט נאָך מער ליב געהאַט דאָס לעבן ווי איך? און ווער האָט זיך נאָך אַזוי אַליין דאָס לעבן פאַרסמט? וועמעס זעל איז נאָך אַזוי זים געווען מיט ליבשאַפט צום הימל און צו ערד, צו מענטשן און צו חיה, צו ליכט און צו ציטער?..." בוך: „נאַדירגאַנג", הקדמה.

אפשר האָט ער געהאַט ליבשאַפט — מער ווי אַלץ צום וואָרט... אָבער צו מענטש? אפשר צו איינעם: משה נאַדיר... אַז מען האָט ליב מענטשן באַנעמט מען זיי מיט זייער צער, מיט זייער טראַגיק; אַזוי ווי שלום-עליכם האָט ליב געהאַט זיין העלד: „טביה דער מילכיקער."

נאַדיר האָט גענוצט מענטשן ווי קראַוואַטן, שיך, אָפּגענוצט, האָט ער זיי אַוועקגעוואָרפן און אויף זיי אָנגעשפּיגן... (לייענט זיינע אומפאַרגלייכבאַרע זידל-אַטאַקעס אין דער „מאָרגן-פרייהייט" אויף זיינע פריינד). נישט קיין פראַגע פון גרויסקייט — ווען ער וואָלט כאָטש געווען אַ שטיקל מענטש... וואָלט שוין געווען אַ הויכע מדרגה. ער האָט זיך געהאַלטן אויף אַ בריק פון ווערטער און זיינע מעשים זענען געווען איינגעטונקען אין קוים. — —

ביים עטישן מענטשן איז דאָס ערשטע: **עוילעך האַלטן זיין וואָרט.** נאַדיר האָט געדרייט מיטן וואָרט אַהין און צוריק — — ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט צען מיינונגען וועגן דער זעלבער זאַך.

ער איז זיך אַליין מודה אין זיין בוך, „נאַדירגאַנג", זייט 276:

„איך ווייס ניט וואָס ס'איז בעסער,
איך ווייס ניט וואָס ס'איז גוט."

אויך צו גרונט-געדאַנקען האָט ער געהאַט אַזאַ לויזע באַציאונג. כ'פלעג מיט אים אַרגומענטירן: אַז מען טאָר נישט זיין הפקר-דיק מיטן וואָרט. פלעגט ער אַ קרומען שמייכל טאָן און זאָגן: „מען קען שרייבען אַזוי און אויך פאַרקערט." ער האָט די גרונט-ווערטן פון לעבן גענומען צו לייכט — — געוואָלט דאָס פאַרענטפערן אין זיין לירישער פּראָזע, וואָס הייסט: **דער סוד פון שאַפן.**

„מיין נח שטיינבערג באַסוועל זאָגט״:

„קען מען דען אַלצדינג נעמען אַזוי גרינג?״

„מ׳קאָן״.

אָט דער לייכטער זאָג: „מ׳קאָן״, דערקלערט אַ סך וועגן נאַדירס גרינגזיניקייט.

אין אינטימען לעבן זענען מענטשן ווי כעמישע שטאָפן, זיי פאַרמישן זיך, אָדער זיי בלייבן צעטיילט. איך האָב מיט נאַדירן ניט געקאָנט האַרמאָנירן. איין אייגנשאַפט האָט אונדז צעטיילט: זיין אַ־מאָראַלישקייט. דער עגאָאיזם האָט איינגעשלונגען דעם מענטשן. אין זיין גראַמאַטיק איז בלויז געווען די ערשטע פּערזאָן — — זיין וויציק ווערטל: „איך מיט מיין ווייב זענען ווי איין מענטש, נאָר איך בין דער מענטש.״ האָט אויסגעדריקט זיין באַציאונג צו מענטשן אין אַלגעמיין.

אפילו צו זיין חבר און קאָלעגע מ. ל. האַלפּערן איז ער נישט געווען אויפריכטיק; אונטער די אויגן אים פּרובירט פאַרקלענערן און זאָגן: „האַלפּערן פאַרשטעלט זיין וואולוואַרט געביידע, (זיין ליד) מיט רישטאָוואַניעס, אַמאָל קען מען דורך די רישטאָוואַניעס די געביידע ניט זען.״ („אַ בוך משה נאַדיר״, זייט 150).

ער האָט די מליצה ווידערהאָלט די ערשטע יאָרן נאָך האַל־פּערנס טויט אין אַרטיקלען. שפּעטער האָט ער געביטן זיין מיינונג צום בעסערן. אָבער וועגן משה לייבן האָבן אַ סך דיכטער געשריבן לידער — וועלכע דיכטער האָבן געשריבן וועגן נאַדירן? משה לייב איז געווען אַ פּראָטעסט קעגן פאַלשקייט אין אונדזער וועלטל... ער און זיין ליד זענען געווען איינס. נאַדיר איז געווען אַ טאָפּלדי־קער — ניט נאָר משה נאַדיר און יצחק רייז, נאָר דר. דזשעקל און מר. הפקר — — זיך געפּוצט אין שיינע קליידער און גענוצט די פּעדער פאַר מיאוסער זידלעריי... געהאַלטן אין איין באַליידיקן דעם דיכ־טער אברהם רייזען, וואָס איז יאָרן־לאַנג געווען זיין איבערגעגעבענער חבר. האָט אים אָפּגעדינט מיט אַזעלכע קאָמפּלימענטן:

די וואָקכאַנאַליע איז אָנגעקומען,
עס כאַפּט אים אָן אַ שרעק.
אויף אַזאַ ווי דו מיין טייערער,
אוי, דאַרף מען שפּייען קלעק.

עך, בישט געקלעקט קיין ערלעכקייט,
און בישט געקלעקט קיין מוט,

ווי ווערט מען פאַרט נישט־מיר־נישט־דיר
אַ פּראָסטע פּראָסטיטוט?

אוי, אוי, און אוי, אוי,
ווי קענסטו זיין אַזוי?
צו ווערן אויף דער עלטער גאָר
אַ געלע גאַסנפּרוי!? (אין דער „פרייהייט")

ניט ווייניקער שולדיק זענען געווען די קולט־הור־רעדאַקטאָרן, וואָס האָבן געדרוקט אַזעלכע שימפּעריייען. מען האָט געכאַפּט צופּיל התפּעלות פון זיין יעדן איינפאַל. דאָס האָט אויפגעבלאָזן זיין עגאָ־מאַניע און ער האָט זיך איינגערעדט, אַז קיין גרעסערער פון אים איז ניטאָ — — גרויס ווי גאָט... נאָר אַזוי ווי גאָט איז קיין מענטש ניט אַזוי — ער אויך ניט.

ווייזט אוים צו זיין אַ מענטש איז העכער ווי צו זיין אַ גאָט... וואָס מיינט צו זיין אַ מענטש? ס'מיינט צו זיין עפּיש אויסגעהאַלטן... צו באַקעמפן דעם רשע אין זיך — — דער רשע אין מענטשן איז מעכטיק... טאָלסטאָי האָט דאָס געוואוסט, האָט ער יאָרן־לאַנג געפירט אַ מלחמה מיטן רשע אין זיך — — דאָס איז געווען דער סוד פון זיין גרויסקייט.

אין שרייבן האָט נאַדיר קאָקעטירט מיט קריסטלעכקייט. געשריבן: „דער שוואַכער איז אַלעמאָל דער גערעכטער". און געשלאָגן אַ שוואַכערן. ביי זיך אין רעסטאָראַן דערלאַנגט אַ פּאַטש דעם פּאָעט א. לוצקין. איינמאָל זיך געוואָרפן מיך שלאָגן אין קאַפע ראָיאַל. יואל סלאָנים איז פּונקט געווען דערביי, האָט ער אים אָפּגעהאַלטן. געוואָרן צעקאָכט, ווייל כ'האָב אָפּגעדרוקט אַ קאַפּיטעל פון בוך און ציטירט זיינס אַ ווערטל וועגן אַב. קאַהאַנען. ער האָט געלייקנט, אַז ער האָט עס געזאָגט. כ'האָב פּרובירט אים דערמאָנען, האָט ער נישט געוואָלט אויסהערן.

די גאַנצע פאַרדאָרבנקייט פון דער אַמעריקאַנער סביבה האָט ער אַריינגעזאַפּט אין זיך — — דערנאָך זי אַרויסגעשפּיגן מיט גאַל... נאָך אין די יונגע יאָרן האָט ער געזען ווי יעדער איינער זוכט אַריבער־שפּרייזן איבערן צווייטן — — ווי מ'האָט אַלץ פּאַראומהייליקט אין אונדזער וועלט — — — זייענדיק אַ פּעמעניגע נאַטור, האָט ער זיך ניט געקאָנט אַנטקעגנשטעלן דער סביבה.

נאָר ערגיץ איז דאָ אַ חשבון — זיין האַרץ האָט נישט געוואָלט מיטטאַנצן... יאָרן־לאַנג געקרענקט, פּראָטעסטירט און נישט גע־קאָנט אויסהאַלטן. — — —

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט נאַדיר דערשפּירט, אַז ער האָט דעם שפּיל פאַרלוירן. ער לאַמענטירט:

און דו... אַפילו שוין... צוריק פונעם יאַריד, פאַרסטו אויך אַליין — גאָט מיינער, ווי עלנט־אַליין, ווי אַליין עלנט!!

פאָרוואָרט, „נאַדירגאַנג".

די שטראָף איז געקומען פאַר נוצן די מאַגיק פון הומאָר פאַר אומאיידעלע צוועקן. וויי געטאָן איינעם צו קיצלען אַ צווייטן. אָנ־גערופן דעם דיכטער, מאַרק שווייד, „אַ ביסמאַרק אָן אַ בי."

הומאָר קען ווערן אַ שווערד מיט צוויי שאַרפן. מ'קאָן באַ־ליידיקן מיט אַ וויץ און ס'איז שווער אַקעגנצוקומען מיט אַ טרעפנ־דיקן ענטפער. ווען איינער ברענגט ארויס אָן אמת, קאָן אים אַ וויצ־לינג אויסלאַכן — ניט דער אמת... נאָר דער וויצלינג וועט געווינען.

נאַדיר האָט אויך געקאָנט זיין מאַנירלעך, אַפילו צאַרט און האַרציק — אָבער ווי נידעריק ער האָט געקאָנט זינקען... בלויז געהאַט כאַראַקטער צו זיין כאַראַקטער־לויז. — — —

איבערבוי פון כאַראַקטער דאַרף געשטעלט ווערן אין צענטער פון אַלע מענטשלעכע אַספּיראַציעס. **מענטש־שאַפונג** איז וויכטיקער ווי קונסט־שאַפונג. שוין דאָ אויף דער וועלט אַלערליי ליטעראַ־תורות — אָבער מענטש־מוסטערן זענען דאָ ווייניק. אַזוי ווי גאָט און די אומשטענדן האָבן באַשאַפן דעם מענטשן טויג ער נישט... אַ פאַרבלענדונג: דער מענטש עסט נישט דאָס ברויט — דאָס ברויט פרעסט דעם מענטשן — —מען דאַרף בויען אַ נייעם מענטשן און **אָנהייבן פון זיך אַליין** — — אומשטענדן? זיכער האָבן זיי אַ שטאַר־קע ווירקונג — דער מענטש קאָן אויך באַווירקן די אומשטענדן מיט ערלעכקייט און גוטסקייט... די מענטשן מאַכן די אומשטענדן — קאָנען די מענטשן זיי איבערמאַכן — זיי דאַרפן נאָר האָבן דעם **עטישן ווילן**. — — —

# פאַרצייכענונגען

צו ה. און ל. מאַרגאָליס

## מענדעלע

מענדעלע איז געווען אונדזער ערשטער גרויסער סאַטיריקער. ער האָט סאַטיריזירט די בטלנות פון שטעטל, אונדזער פאַרהויקערט לעבן. ער האָט געבויט אַ ליטעראַרישע שפּראַך און פון פאָלקס־ווערטער געשאַפן אַ קינסט־לערישן סטיל. אָבער מיט אַלע זיינע מייסטער־ווערק איז ער נישט קיין אינטימער שרייבער. עס פעלט אין זיינע ווערק די פּאָעזיע פון האַרץ — מיט וועלכער מען דערקלערט זיך אין ליבע. — —

## שלום־עליכם

שלום־עליכם איז אונדזער גרעסטער הומאָריסט — דער מייסטער פון דער שפּראַך פון פאָלק, דער פאַראייביקער פון פאָלקס־וויזהייט, אָבער מיט זיינע העלדן קאָן מען נישט זיין נאָענט, ווען מען איז אַליין... פון זיין הומאָר האָט מען הנאה אין געזעלשאַפט ביי אַ גרויסער פאַרזאַמלונג, אָבער זיך פאַר־טיפן אין אים ביחידות — דאָס זעלטן. הומאָר איז געזעלשאַפטלעך — ווען מען איז אַליין לאַכט מען נישט. שלום־עליכמס געניאַלער הומאָר ווירקט אין דער ברייט — זיין געניאַליטעט באַגייסטערט דאָס פאָלק... אָבער קאָן ער טיף אָנרעגן דעם ראַפינירטן יחיד?

## י. ל. פּרץ

פּרץ האָט געפּרואווט געבן דאָס טיפע אינטימע לעבן פון מענטשן. אין טייל פון זיינע לידער ברענט עקסטאַז — אין זיין פּראָזע גליִען פייערן, וואָס וואַרעמען און מאַכן ליכטיק דעם גייסט. אין דעם ליכט קאָן מען זען דאָס געקרייציקטע האַרץ פון דעם איינציקן מענטשן...

ביים לייענען אַ לאַנגוויליקע קריטיק פון אַ רעקלאַמירטן קריטיקער...

## יצחק אייזיק

יצחק אייזיק האָט פאַרמאָגט אַזאַ פּשטות, אַז מען האָט זיך געפילט גוט נעבן אים. ער האָט נישט אַרויפגעדריקט אויף אייך די לאַסט פון זיין וויסן... נישט געוואָלט ווייזן, אַז ער איז אַ געוואַלדיקער חכם... צוזאַמען מיטן געפיל פון דרך־ארץ האָט ער געוועקט צוטרוי — — ערלעך ווי סטאַטיסטיק. איר האָט געפילט, אַז ער וועט אייך נישט אָפּנאַרן ווי אַנדערע פעדער־דרייער... אָדער אייך באַליידיקן.

ווען כ'האָב איבערגעלייענט דעם פּאַסקוויל אויף מיר, מאַסקירט אַלס קריטיק, אין דעם וואָכנבלאַט: „די וואָך".

# טאָלסטאָי

ווען טאָלסטאָי האָט געלעבט, איז פאַרן מענטשן געווען אַ טרייסט: איין מענטש האָט געוואָגט צו זאָגן ערלעך וואָס ער טראַכט... מיט אַלע ווידער־שפּרוכן איז ער געווען אַן אויסגעהאַלטענע פּערזענלעכקייט, וואָס האָט תּמיד געאַרבעט איבער זיך... געהאַלטן אַ קריטישן שפּיגל נאָענט צו זיין נשמה... פּרובירט פריער אויסבעסערן זיך — דערנאָך די וועלט. די מערסטע הייבן אָן פאַרקערט — — אין דעם אָנהייבן פון זיך אַליין איז באַשטאַנען טאָלסטאָיס גרויסקייט. דאָס איז נישט געווען קיין פּאָזע, נאָר דער סוד פון זיין כאַראַק־טער. ער האָט נישט צוגעשניצט דעם אמת ווי אַנדערע, נישט באַדאַרפט שרייבן אויף באַשטעלונג... אָדער צוליב פּרנסה. אַזוי ווי דער פּרי־וואַטער טאָלסטאָי האָט געטראַכט, אַזוי האָט ער געשריבן. דורך דער גרויסער פּערזענלעכקייט פון טאָלסטאָיען, איז די ווערט פון מענטש געשטיגן אויף דער וועלט.

געטראַכט וועגן דעם אַטראָפירטן געוויסן ביי טייל פון אונדזערע שרייבער.

# אין געשפּאַן פון שקר

זיי זאָגן מען דאַרף זיך צופּאַסן — צו וועמען? מיינט דאָס נישט צו שמייכלען צו די מאַכט־האָבער? שווינדלען מיט די שווינדלער? און איינ־שפּאַנען דעם אמת, כּדי ער זאָל שלעפּן דעם וואָגן פון שקר?

נאָך אַ קריג מיט איינעם, וואָס האָט געהאַלטן
אין איין זאָגן ליגן... און פּאָזירט פאַר
אַ גרויסן מענטשן. — — —

# די הייליקייט פון כאַראַקטער

ס'איז אַ פליכט אָפּצוהיטן די פּערזענלעכקייט. יעדער וואָס קומט מיט דיר אין באַריר וויל צונעמען אַ טייל פון דיין אָריגינעלן איך... און אים אויסנוצן פאַר זיך — איינער וויל אָפּדינגען פון דיינע איבערצייגונגען. אַ צווייטער וויל אָפּשוואַכן דיין אויפריכטיקייט... צוריקגעבן קאָנען זיי ווייניק, אַמאָל אַ שטול אויבנאָן, אַ פעטן ביין — אָבער ביסט אין געפאַר צו ווערן כאַראַקטער־לויז. — — —

זיך אָפּגעזאָגט צו שרייבן פאַר אַ רעדאַקטאָר,
וואָס האָט געוואָלט איך זאָל זיך צופּאַסן...

# דער ציל פון גייסט

מיר זענען נישט אין דער נאַטור קיין גערעכטיקייט. זי מאַניפּולירט מיט שטאַרקע און שוואַכע קרעפטן. צעשטערן איז ביי איר אַזוי וויכטיק ווי בויען. דער מענטש בענקט נאָך גערעכטיקייט... און וויל באַזיגן דאָס צופעליקע און אָרגאַניזירן אַ הומאַנישע געזעלשאַפט. אין דער נאַטור פונקציאָנירן אייביקע געזעצן און אין זייערע ראַמען ווערט אַלץ באַשאַפן, צעשטערט און ווידער באַשאַפן. דער מענטש וויל איינפירן אייגענע געזעצן צו מינימיזירן קאָנפליקטן. גערעכטיקייט מיינט לעבן הומאַניש פון מענטש מיט מענטש און פאָלק מיט פאָלק... צו דעם וועלן מענטשן אַמאָל דערגיין, דאָס איז דער טיפערער זין פון דער אַנטוויקלונג — גייסט זאָל קאָנטראָלירן בלינדע מאַטעריע. — — —

געלייענט ווערטער וואָס דעבס האָט געשריבן אין תפיסה.

# ווען מענטשן אייביק זיין בלינד?

איך וויל נישט גיין אין קיין מלחמה — מעג דער קריג געפירט ווערן פאַר די בעסטע צוגעזאָגטע צוועקן... איך וויל נישט קיין וועקסלען אויף נאָכן טויט — — אין דעם איז פאַרבאָרגן דער סוד פון פרידן.

געלייענט מען גרייט זיך צו בויען נייע קריגס-שיפן מיט עראָפּלאַנען.

# שיינע לאָזונגען

די לאָזונגען אויף די פאָנען זענען אַלעמאָל יושרדיקע — נאָר די פירער וואָס שטעלן זיי אַרויס, האַנדלען אַזוי, ווי זיי וואָלטן זייערע אויפשריפטן קיינמאָל נישט געלייענט...

געלייענט סטיווענסאָנס: „דר. דזשעקל און מר. הייד."

# דערהויבן

ערשט דעמאָלט וועט זיין לייכטער אויף דער וועלט צו לעבן, ווען די הייניטיקע שלעכט-פאַרשטאַנענע זינד וועלן דערהייבן ווערן צו אַ טוגנד...

געלייענט האַוועלאָק עליס, וועגן דער שעפּע-רישקייט פון די ליידנשאַפטן.

## דער עכאָ פון פיינטשאַפט

ער האָט פיינט געהאַט זייך ערשט ווייב, זי געהאַלטן אין איין שעלטן. דער פּאַפּוגיי אין הויז האָט זיך איינגעהערט און דערנאָך אויסגעשריגן די קללות הויך אויפן קול. זיין צווייט ווייב האָט ער שטאַרק ליב געהאַט און געוועזן צו איר איידל. אָבער דער פּאַפּוגיי האָט געהאַלטן אין איין ווידער־האָלן די קללות... זיין געליבטע פרוי האָט זיך דערפילט אין הויז אומהיימ־לעך און געוואָרן צו אים קאַלט.

געלייענט איר בריוו און זיך געוואונ־דערט: ווי זי האָט נישט געמאַכט קיין איין פאַרזוך אויסצובעסערן אונדזערע באַציאונ־גען אויף אַ פיינעם אופן.

## קלאַסן

נישט בלויז דער הערשנדיקער און דער אַרבעטער־קלאַס — — פאַראַן נאָך קלאַסן: דער ברוטאַלער און דער איידעלער — דער ליגנער און דער ערלעכער. דער ברוטאַלער קלאַס שטיקט דעם איידעלען... און דער ליגנער שטעכט אַ מעסער אין זייט פון דעם ערלעכן. — —

געלייענט אַ זידל־אַטאַקע פון איין פּאַרטיי־מאַן אויף אַ צווייטן אין נאָמען פון הייליקן אידעאַל...

## אַלמענטש־ווידיע

טיילמאָל האָב איך דאָס געפיל, אַז אַלע מענטשן זענען איין מענטש — בלויז אַן אילוזיע טיילט אונדז פאַנאַנדער. כ׳האָב דאָס שטאַרק געפילט אין צייט פון דער מלחמה, ווען אַ שיף מיט סאָלדאַטן איז געזונקען. הגם דער שכל האָט געפרעגט: וואָס פאַר אַ שייכות האָסטו מיט די אויטאָמאַטן־מער־דער? דאָך בין איך מיט זיי געזונקען און איבערגעלעבט די פּיין פון אונ־טערגיין... דאָס זעלבע פיל איך, ווען אַ מענטש לעבט איבער אַ טיפן צער. — מיר לעבן אַלע איבער דעם זעלבן צער...

געזען קנייטשן אויפן פּנים פון אַ יונגער פרוי.

## וועגן אַן איינזאַמען

נאָך דעם ווי זיין ווייב איז אים געשטאָרבן, גייט ער אַלע טאָג אין פּאַרק — רעדט צו די ביימער און צו די פייגל, האָט טענות צו זיי פאַר וואָס זיי פאַרשטייען אים נישט...

שפּעט ביינאַכט — אַהיימגעקומען פון אַ באַנקעט.

## מענטש-קולטיווירונג

דאָס פּראָבלעם איז ניט ווי אַזוי די קולטור זאָל מאָדיפיצירן די ציוויליזאַציע — נאָר ווי אַזוי דער מענטש זאָל איבערשאַפן דעם אוממענטש.

געלייענט אַ בוך פון אַ שרייבער, וואָס דערטרינקט זיין טראָפּן שכל אין אַ ים פון ווערטער.

## די פאַרקערטע וואונדער פונעם ליגן

דער ליגן קאָן באַטראַכט ווערן פאַרן איינציקן נס וואָס אַ מענטש קאָן וויזן... דער ליגן שאַפט פרייהייט אין דער צוואַנג פון די אייביקע געזעצן. ער גיט אַ מעגלעכקייט אין דעם רינג פון אוממעגלעכקייט...:

אמת מיינט האַנדלען אין דער ראַם פון דער ווירקלעכקייט. ליגן מיינט אויסטראַכטן אַ ניט-דאָאיקע ווירקלעכקייט און האַנדלען אַזוי ווי זי וואָלט געווען וואָר. אָבער די ליגנערישע האַנדלונג גייט קעגן דער אָרדענונג פון דער רעאַליטעט און שטערט די האַרמאָניע פון לעבן. דערפאַר פירט דער ליגן אויף אַן אומזעבאַרן אופן צו אַ קאַטאַסטראָפע. אונטער יעדן מענטשלעכן אומגליק איז פריער געווען באַהאַלטן אַ ליגן... אונטער יעדן ליגן לויערט אַן אָפּגרונט.

אמת מיינט אַ רעפלעקציע פון אונדזערע האַנדלונגען ווי זיי זענען צוגעפּאַסט צו די אייביקע געזעצן; ליגן מיינט אָפּנאַרן די געזעצן אויף אַ וויילע, פאַרפלאָנטערן די ווירקלעכקייט און דערנאָך דערפירן צו כאָאָס... דער ליגן טראָגט אין זיך אַ סם, וואָס מוז מיט דער צייט עמיצן פאַרגיפטן — דער וואָס זאָגט ליגן פאַרוואָרפט אַ נעץ, וואָס וועט פריער אָדער שפּעטער פאַנגען אומגליק. — — —

דאָס גוטע, וואָס מען מיינט מ׳קאָן קריגן דורך דעם ליגן, דאַרף אונדז נישט פאַרבלענדן צו זען: אַז מיט אַלע קונצן איז דער ליגן נישט קיין וואונדער — נאָר אַ בייז-וואונדער...

ביים לייענען די ליגנערישע באַשולדיקונג פון אַ שרייבער, אַז איך האָב ביי אים צוגענומען מאַנוסקריפּטן.

# אָנגעהויבענע אַרבעטן

## ק ר י ט י ק

קריטיק ווי אַ קונסט קומט שפּעטער ווי די אַנדערע קונסטן. פריער דאַרפן זיין קונסט־ווערט, דערנאָך קומט די קריטיק און אַנאַליזירט און ווייזט אָן, צי די ווערק זענען געלונגען אָדער ניט. אַ וויסנשאַפטלעכער קריטעריום צו מעסטן קונסט־ווערק איז נישטאָ. די כלומערשטע וויסנשאַפטלעכע מאָס־שטאַבן זענען נישט מער ווי טעאָרעטישע שפּעקולאַציעס. די מאָס פון קרי־טיק איז אין דעם קריטיקער אַליין. ס'ווענדט זיך ווי גייסטרייך ס'איז דעם קריטיקערס פּערזענלעכקייט. אַ קריטיקער דאַרף האָבן דעם טאַלאַנט צו זיין רעצעפּטיוו, צו קענען אַריינדרינגען אין אַ געוויסער שאַפונג; ער דאַרף זיין אַלזייטיק, מיט אַ חוש פאַר אַלערליי פאָרמען, אינהאַלטן און סטילן.

אַ קריטיקער דאַרף זיין סענסיטיוו צו דערפילן די פאַרבאָרגנסטע וויב־רירונג פון אַ קינסטלערס נשמה. ער מוז האָבן אַ שאַרפע אינטואיציע צו דערשפירן צי אַ געגעבענע שאַפונג איז עכט, געמאַכט, אָדער נאָכגעמאַכט.

צו דעם אַלעם איז נאָך נייטיק צו האָבן אַן אויסגעהאַלטענעם כאַראַקטער, מיט אַ קרעאַטיווער אויפריכטיקייט, צו קענען קלאָר אַרויסזאָגן דעם קריטישן סך־הכל: צי אַ טאַלאַנט איז אַ טאַלאַנט און אַ ווערק איז טאַקע אַ קונסט־ווערק — — בלויז אויסטייטשן און אריינטייטשן אַלערליי אידייען און גע־דאַנקען איז נישט קיין עכטע קריטיק. דער קריטיקער ב. ריווקין איז געווען גערעכט: „קריטיק פון לויטער חסרונות איז גאָר קיין קריטיק נישט”. אָבער פאַרזען די חסרונות און בלויז טייטשן איז ניט קיין אויפריכטיקע קריטיק... אַ ווערק קאָן האָבן חסרונות און זאָל דאָך מיט זיך פאָרשטעלן אַן אמת קינסטלערישן דערגרייך... פונקט ווי אַ מענטש קען האָבן פעלערן און זיין אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט.

די יידישע קריטיק ליידט צופיל פון מליצה — פון צופיל טייטשן און אַריינטייטשן. אַ צאָל שרייבער און ביכער זענען ביי אונדז אומבאַרעכטיקט אויפגעגרויסט געוואָרן דורך אָט דעם מליצהדיקן טייטשן — — אַ ביישפיל איז: ה. לייוויקס „די גאולה קאָמעדיע”, וואָס איז אַ שווינדלדיקער טורעם פון סימבאָלן אָנגעשפּאַרט אויף סימבאָלן און מליצה אויף מליצה. די קריטיק האָט צוגעגעבן נאָך איר מליצה — ביז עס איז געוואָרן אַ באַרג מיט ווער־טער... קיינער ווייסט נישט וואָס זיי מיינען און וואָס דער דיכטער האָט געוואָלט.

אונדזער קריטיק האָט איבערהויפּט איבערטריבן די גרויסקייט פון ה. לייוויקן. ער האַלט זיך אויף דער פאַנטאַסטישער הויך מיטן כוח פון רעק־לאַמע. אָבער די קריטיק האָט פאַרזען פיינע טאַלאַנטן — פאַרנאַכלעסיקט

אַזאַ גוטן דערציילער ווי דוד קאַזאַנסקי. זי האָט דערמוטיקט שוואַכע פּערזאָן־מאַכער — ווייל זיי געפינען זיך נאָענט צום קאָלעגיאַלן טיש און מען עסט פון איין ציישונגס־שיסל. — —

שווער צו באַשטימען, ווען ס׳קומט צו קריטיק. צי אונדזערע שרייבער הינקען אין זייער מבינות אויף פּאָעזיע, אָדער ס׳איז שלעפּעריק זייער געוויסן. — —

די יידישע קריטיק וויגט זיך צווישן די עקסטרעמען: אָדער אונטערשאַצן, אָדער איבערטריבענעם לויב. אַ סימן פון ווייניק אויפריכטיקייט... קריטיק איז די וואָגשאָל פון אַ ליטעראַטור צו וועגן אירע אוצרות, דאַרף זי הייליק אָפּגעהיט ווערן. פּערזענלעכע אינטערעסן טאָרן נישט לענקען די פּעדער און דאָס געוויסן... איז עס געווען אַ צופאַל — וואָס אַן עלטערער קריטיקער האָט אָפטמאָל ציטירט דעם דיכטער, וואָס האָט רעדאַקטירט דעם זשורנאַל וואו דער קריטיקאַנט האָט זיך געדרוקט? קיינמאָל ניט אָנגעוויזן קיין חסרון... תמיד געלויבט.

אונדזערע פּאָעטן און דערציילער שרייבן אויך קריטיק — מערסטן גוט־ברודער־קריטיק... מען טיילט זיך איינע די אַנדערע בלומען פון גוטס.

## מאַכט־מאַניע

אַלצדינג איז דערלויבט צו קריטיקירן — נאָר נישט דעם וואָס האָט מאַכט — — אינעם קרייז פון מאַכט־האָבער מוז אויפהערן צו פונקציאָנירן דאָס תוכיקע פון מענטש און מענטשלעכקייט. קריטיק איז דער אויסדרוק פון דער פרייער אינדיווידואַליטעט, מאַכט זוכט צו דערשטיקן די נשמה פון דעם יחיד... מורא האָבנדיק, אַז קריטיק דראָט אָפּצושאַפן די פּאָזיציע צו קענען הערשן.

מען זאָגט: ווען אַ לייב פאַרזוכט דעם טעם פון מענטשן־פלייש, ווערט ביי אים אַ תאווה צו פאַרצוקן מענטשן. ענלעכס געשעט מיט אַ מענטשן, וואָס האָט פאַרזוכט דעם טעם פון מאַכט. מען דאַרף דעריבער זיך היטן צו געבן איין מענטשן צו פיל מאַכט־הערשאַפט. ס׳איז נייטיק צו אַנטגעטערן די מענטשלעכע אָפּגעטער — — קיין מענטש פאַרדינט נישט מען זאָל אים דערהייבן איבער זיינע מיטמענטשן — ווי באַגאַבט ער זאָל נישט זיין — — ווייל אַזוי גיך ווי מען דערהייבט אים איבער אַנדערע, קריגט ער הערנער און האַנדלט אוממענטשלעך. — — —

## מענטש־פּלאָנטער

די תאווה אויסצובעסערן אַנדערע פאַרפירט דעם אייגענעם איך. דאָס אויסבעסערן האָט יעדער איינער באַדאַרפט אָנהייבן פון זיך אַליין — הייבט ער גאָר אָן פון אַנדערע — — דאָס באַוויזט. אַז דער מענטש האַלט זיך פאַר

פאָלקאָם... פעלערהאַפטיק זענען בלויז אַנדערע — — ווער זענען דאָס די אַנדערע? די זעלבע וועלכע האַלטן זיך פאַר פאָלקאָם...

דער מענטש דרייט זיך אין אַ פּלאָנטער, וועלכן ער אַליין האַלט אין איין פאַרפּלאָנטערן. — — —

## ניט פּאַרטיפּט

צופיל האָבן ביי אונדז געשטעלט געלט העכער פון אַלץ אין דער וועלט און געמאַכט קאָרטן־שפּיל פאַר זייער גייסטיקן אינטערעס... געלאָזט זיך פאַרפירן פון דער געקויפטער דאַמע רעקלאַמע... אויסגעקליבן גייסטיקע פאַרשטייער, האַלבע פּראָפאַנען, און זיי דערקלערט פאַר גאַנצע נביאים — — זייענדיק ווייניק ראַפינירט, געשמאַקלויז און ניט פּאַרטיפּט צו קאָנען אונ־טערשיידן פונעם עכטן ביזן געמאַכטן — האָבן זיי לייכט געלאָזט פאַרבייטן דעם תוך אויף בלענדקער מליצה...

אין דער רייכער אַמעריקע, וואו עס לעבן מיליאָנען מענטשן לאָזט מען מיט גלייכגילט אויסצאַנקען די וואונדערלעכע יידישע ליטעראַטור. — — —

## גייסטיקער עקס־רעי

אַזוי ווי ס׳קריסטלט זיך, אַזוי געשעפּטלט זיך. גוים פירן אָן זייער האַנדל דורך רעקלאַמע און האָבן דערפאָלג. און אויך מיר שטייען נישט אָפּ. ביי אונדז איז די רעקלאַמע גאַנץ שטאַרק קולטיווירט און פאַרנעמט אַ צו גרויסן פּלאַץ אין קולטור־לעבן... אויך מיר שפּילן זיך אין רעקלאַמעס און פּויקן אויף פּוסטע גרויסקייטן... אָבער אַ פאַלשער שפּיל באַגייסטערט נישט — — ווייל אויך שפּיל דאַרף זיין עכט צו שאַפן אילוזיע און היילן דאָס צעטרייסלטע געמיט. דערפאַר איז אַזוי זעלטן ביי אונדז אַ דערהייבענער מאַניער און אַ געלייטערטע געמיטלעכקייט... מיר זענען נעוראָטיש און טראַגיש.

אפשר דערפאַר וויכט פון אונדז דער יונגער, מיט זיך אַליין צופרי־דענער דור?

## אַן עטישער באַצי וועט נאָך קומען

צו דערציילן וואָס ס׳קומט פאַר הינטער די קוליסן פון דער יידישער ליטעראַטור, דאַרף מען שוין שטיין מיט איין פוס אין דער אייביקייט — — דער היינטיקער דור וואָלט נישט געקאָנט באַנעמען אַזעלכע פאַרהוילענע אמתן...

ס׳וועט אַמאָל אויפשטיין אַ געלייטערטער דור, מיט עטישער באַצי־אונג צו גייסטיקע ווערטן — און וועט רעווידירן די טעותן און אומרעכטן אַרום דער יידישער ליטעראַטור.

# שטריכן

1. דער מאָלער האָט געגעבן זיין ברודער עטלעכע בילדער א מתנה, האָט דער ברודער זיי אַרייגעלייגט אין אַ שופלאָד. אָבער ווען דער מאָלער האָט געוואונען אַן אויסצייכענונג, האָט דער ברודער אַרויסגענומען די בילדער, זיי איינגעראַמט און אויפגעהאַנגען צו באַצירן דאָס הויז...

2. טייל קינסטלער גייט עס אין לעבן, אַז מענטש און קינסטלער זאָל מען נעמען באַזונדער — ווילן אַ הכשר אויף הפקרות. — — מיט דער קונסט וועט מען אויסקויפן אַלע זינד... מען פאַרגעסט, אַז אַ נישט, קאָן נישט שאַפן קיין גרויס ווערק. אויב אַ קינסטלער האַנדלט שלעכט — ווערט דורך דער שלעכטער טאַט פאַרקרימט זיין וויזיע... און זיין טאַלאַנט פאַרמינערט.

3. **איינרעדעניש ביי ראָלאַנדן:** ער האָט געשריבן אַזוי ווי קיי־נער פאַר אים וואָלט נאָך גאָרניט געהאַט פאַרטראַכט און פאַרצייכנט.

4. **ל. שאַפּיראָ** איז געווים געווען אַ גוטער שרייבער און זיכער אַ קלוגער מענטש... פונדעסטוועגן האָט די חכמה אים נישט באַשי־רעמט פון צו זיין אַ בעל־גאוה.

5. ווען איך לייען די שיינע ווערטער פון די פעדער־אַרבעטער וועלכע איך קאָן פּערזענלעך — פאַרקרימט זיך ביי מיר אַ שמייכל. זיי ווילן די מיאוסקייט פאַרליישן מיט צאַצקעדיקע ווערטער... איך באַשלים ניט צו לייענען קיין וואָרט פון אַ שרייבער, אויב איך וועל ניט וויסן, אַז ער איז כאָטש אַ שטיקל מענטש.

6. די שטראָף פאַרן דרייען מיטן וואָרט אַהין און צוריק: דער טאַלאַנט ווערט אַטראָפּירט... דער קרעאַטיווער גייסט, ווי מוזיק, פאַרטראָגט ניט קיין פאַלשע טענער. וויפיל האָבן ביי אונדז אָנגע־הויבן מיט טאַלאַנט און געוואָרן בלויז צייטונגס־הענט?

7. געוויסע שרייבער ביי אונדז זענען ווי אַ ראָבינסאָן קרוסאָ און די ליטעראַטור איז זייער פּערזענלעכער אינדזל... אַנדערע שריפטשטעלער גייען זיי ווייניק אָן. בלויז צו אַ טויטן קאָלעגע ווערט מען גוטברידערלעך — מען גיט אפילו אַרויס זיינע שריפטן...

8. וואו איז ביי אונדז דער גרויסער אמת־זאָגער? די וועלכע האָבן שטאַרקע קעפּ און שאַרפע פעדערס, זאָגן נישט דעם גאַנצן אמת — ווייל דער אמת באַצאָלט זיך נישט...

9. יידישע צייטונגס-קריטיקער האָבן ליב טויטע שרייבער. ווען אַ טויטן קאָלעגע שרייבן זיי זייער לעבעדיק... בעל-מחשבותעס 50 יאָריקן יובילייי האָבן זיי פאַרשוויגן — — דער יובילאַר אַליין האָט אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל וועגן זיך. ווען בעל-מחשבות איז אין אַ קורצער צייט אַרום געשטאָרבן, זענען די פעדער-פירער געוואָרן „ביזי" לויבנדיק דעם טויטן קריטיקער.

10. יעדער מענטש איז אין אַ געוויסן זין רעליגיעז. מען ווערט רעליגיעז באַוואונדרנדיק דעם ים, די שטערן, ווען מען זעט אַ גרויס ווערק... אויך פון ליבע ווערט מען רעליגיעז אויפגעציטערט...

11. די צייט שיינט צו זיין דער איינציקער גאָט — זי שאַפט און צעשטערט. איז קליגער פון קלוג און טוט אויף זאַכן, וואָס זענען ניט פאַרשטענדלעך פאַרן מענטשלעכן שכל.

12. אַ מענטשנס שטאַרבן רעפלעקטירט אויף זיין אופן פון לעבן. פריצייטיקער טויט ווייזט אָן אויף געוויסע טעותן. איינער פון זיי: דאָס פאַרלאָזן זיך אויף מעדיקאַנטן און שפּיטאָלן און גלויבן מ'קאָן ביי זיי קויפן געזונט און לעבן...

13. דער געוויסנהאַפטיקער מענטש וועט פאַרשטיין: אַז די וואָס האָבן צו פיל — האָבן דאָס דערפאַר, ווייל אַנדערע האָבן צו ווייניק... און זיין אידעאַל וועט זיין: דאָס רייכטום פון דער וועלט זאָל יושרדיק איינגעטיילט ווערן — — אָן דעם איז נישט מעגלעך קיין עכטע גערעכטיקייט. די שיינע פראַזן פון די פּאָלי-טיקער זענען אַ פאַרבלענדעניש. — — —

14. אויב איך וואָלט אויף מיין טיר אויפגעשריבן אַ לאָזונג, וואָלט עס געווען: פּאָלג ניט קיינעם בלינד. האַנדל לויט דיין אייגן האַרץ און מוח דיקטירט דיר... די ערגסטע צרות קומען פון פאָלגן אָן חשבון אַנדערע. — — —

15. אונדזערע אינטעליגענטן ציען זיך צו באַרימטע נעמען — צו ניט-רעקלאַמירטע שרייבער באַציען זיי זיך מיט פּראַסטיקער גלייכגילט... זוכן נישט דעם טיפערן מענטשן — זענען פאַר-בלענדט פון אַן אויסגעצויגענעם שאָטן. — — —

16. הומאַנאָלאָגיע: דער מענטש איז פאַר זיך אַליין אַ וויכ-טיק ווערק — — ווי אַ מייסטער דאַרף ער שטענדיק אַרבעטן איבער זיך... כדי פון זיך צו באַשאַפן אַ העכערע פּערזענלעכקייט. ה. ד. טאָראָ האָט אָנגעוויזן: „די ציוויליזאַציע האָט פאַרבעסערט

אונדזערע הייזער, אָבער האָט נישט גלייכצייטיק פאַרבעסערט די מענטשן, וואָס וואוינען אין זיי" דער רשע איז די טראַגעדיע פון די בעסטע מענטשן... הומאַנאַלאָגיע וואָלט געלערנט ווי אַזוי צו אַרבעטן אויף זיך — — **אָנצוהייבן מענטשלעכקייט פון זיך אַליין...**

17. **אַ מענטש דאַרף** נישט אַלץ אויפנעמען מיט ניכטערקייט. הייליקייטן מאָנען דערהויבונג. באַקלאָגט זיך עמיץ, אַז אַ נאָענטער מענטש איז געשטאָרבן — איז אַ פאַרשוועכונג צו נעמען יוצא דעם קלוג פילאָזאָפירן. אין דעם מאָמענט ווערט די קלוגשאַפט נאַריש... ניכטערקייט פירט אָפטמאָל צו רשעות — — אין דער צייט פון די היסטאָריש טראַגישע פראַצעסן, איז געקומען אַ מוח ווי זשיטלאָווסקי און אויסגעקליגלט **אַ פאַנקציע אויף שיסן...** קיין מיטגעפיל מיט די דערשאָסענע טוער פאַרן אידעאַל — — וואָס טעמפּער ס'איז אַ מענטשנס האַרץ, אַלץ קעלטער נעמט ער אויף דעם צער פון צווייטן... דעם קאַלטן אינטעליגענטס מוח איז פאַרשטאָפּט מיט אַלץ-וויסן... און זיין האַרץ איז פאַרפּאַנצערט מיט זעלבסט-געקרוינטקייט... דעקט עמיץ פאַר אים אויף דאָס טיפסטע פון דער נשמה — גיט ער פראַקטיק אַ זאָג: „שוין דאָ געווען". דאָס מיינט: וואָס דו רעדסט איז נישט וויכטיק — וואָס איך זאָג איז אַן ענין — — (ווי לייכט ס'איז מבטל צו מאַכן אַ צווייטן...) און דער מוח-מענטש נעמט אויסשטעלן זיינע זאָגעריין, ווי זיי וואָלטן געווען די לעצטע ווייזהייטן... דער אַלץ-ווייסער ווייסט נישט, אַז זיינע ווערטער זענען נישט נאָר בלויזע נולן — זיינע נעגאַציעס זענען אויך ברוטאַל — — נייטיק **איז אַן אינטעליגענט האַרץ...**

18. **פאַרשניטן:** יידיש האָט געהאַט אַן אויפבלי, נאָר פאַר אַ קורצער צייט. דאָס פאָלק האָט ניט געהאַט גענוג צייט צו פאַרזוכן דעם טעם פונעם שעפערישן יידישן וואָרט. די סיבה איז ניט בלויז אונדזער ניט-נאָרמאַלע לאַגע אין פרעמדע לענדער — שולדיק זענען אויך אונדזערע וואָרט-פירער... וואָס די יידישע ליטעראַטור איז ניט געוואָרן קיין ליטעראַ-תורה.

---

עלנט זענען אַלע —
איינזאַמקייט טוט ווי,
נאָר גרעסער איז דער וווייטאָג,
ווען איינזאַם זענען צוויי...

פונעם ביכעלע: „פון אַ ליבע"

# פונקען

פאַר זיך אַליין קאָן אַ מענטש זיין אומבאַהאָלפן — פאַר אַנדערע קאָן ער ווערן אַ דערלייזער...

ווען אַ פרוי וואָלט געקאָנט דורכפירן איר פאַרלאַנג — וואָלט זי איינגעשלונגען דעם גאַנצן אוניווערז און דערנאָך אים צוריק אויסגעשפּיגן. — — —

איך האָב נישט ליב קיין זיגער — ווייל איך פיל דעם צער פון די באַזיגטע.

אַ מענטש לײַדט אָפט מער פון זיינע מעלות, ווי פון זיינע חסרונות. — — —

שווער צו טאָן שלעכטס אָן דער הילף פונעם ליגן — דער ליגן לויפט פאָראויס פאַר יעדער בייזער טאַט...

איך האָב נישט ליב קיין רייכע קליידער — ווייל שווינדלער און גנבים גייען אויך רייך געקליידט.

אויב די מענטשלעכע חכמה קאָן דינען ווי אַ וועגווייזער — דאַרף זי ווייזן דעם מענטשן ווי רואיקער אויפצונעמען דעם טויט...

מיר גלויבן היינט מער נישט אין קיין ניסים — מיר זענען אויפגעציטערט פונעם בייז־וואונדער: פאַרראַט פון מענטש קעגן מענטש. — — —

קיין זאַך דערגייט נישט אַ מענטשן אַזוי די יאָרן — ווי די יאָרן...

דער וואָס איז פאַרליבט, ליבט אויך זיין ליבע — דער וואָס האָסט וואָלט באַדאַרפט האַסן זיין האַס. — — —

דערפאַר וואָס מען וועט אפשר עפּעס געפונען אויף דער ערד — לוינט זיך נישט צו האַלטן תמיד דעם קאָפּ איינגעבויגן...

מען דאַרף פריער אויספאָרן די וועלט — צו זען: אַז ס'איז ניטאָ וואוהין און צוליב וואָס צו פאָרן...

דער טראַגישער ווידערשפּרוך פונעם מענטש: דער וועמען דער נס האָט צוגעשפּילט זיך צו ראַטעווען פון קרייץ — וויל דערנאָך קרייציקן אַנדערע. — — —

---

ווען מיר זאָגן גייסט — מיינען מיר ער זאָל זיין אַזוי גרויס און טיף... ער זאָל קאָנען פאַרשטיין די גרויסקייט און הייליקייט פון גוף.

---

זע צו שווינען דיין חבר ווי זיך אַליין — ווייל אין אַ טיפערן זין ביסטו אַליין דיין חבר... נאָכן פּערסישן.

---

דער היינטיקער דור האָט דעם עטישן אידעאַל געמאַכט צו קליינגעלט... און ניט זעלטן צוליב גרויסגעלט. — — —

---

דער אמת איז ביי מענטשן אַ זעלטענער יום־טוב... דער ליגן איז זיין טעגלעך ברויט. — — —

---

די שווערד פון שקר שטעקט אין אַ שייד באַפּוצט מיט גאָלדענע רייד.

---

טיילמאָל פילט אַ מענטש אַזוי פרעמד צו זיך — אַז ס'איז נייטיק צו רעדן צו אַנדערע מענטשן, כדי זיך אַליין צו דערקענען.

---

קיינער האַלט ניט פון טיפן ספק — אַלע פריידיקן: נאָר גלויב. געטרויסטע אַ קלוגן דיין געזונט — היילט ער דיך מיט רויב.

---

דער טיפערער זין פון מיין שאַפן: מיין סקעפּטיציזם איז טיפער פון גלויבן... מיין האַס איז האַרציקער פון זייער ליבע. — — —

---

איך האָב נישט געשריבן פאַר די גרימירטע צדיקים, וואָס ווייסן שוין אַלץ און ווילן מער ניט וויסן — נאָר פאַר אַ דור מיט אַ ליכטיקן געוויסן...

---

